

הינדע בערגנער

# אין די לאַנגע ווינטערנעכט

משפחה-זכרונות



ISBN:0-657-13265-9





P R I N T E D   I N   C A N A D A
1 9 4 6

H I N D E   B E R G N E R

# IN THE LONG WINTER-NIGHTS...

*Memoirs of a Jewish Family in a Galician Township (1870-1900)*

PUBLISHED BY

M. R A V I T C H , 4099 Esplanade Avenue, Montreal, Canada
H. BERGNER, Roslyn flat 11, Eildon Rd., St. Kilda, Melbourne, Australia



**הינדע בּערגנער**

פאָטאָגראַפירט אין יערסליוו אין יאַר 1888

הינדע בערגנער



# אין די לאַנגע ווינטערנעכט...

משפחה-זכרונות פון אַ שטעטל אין גאַליציע
1870 - 1900

אַרויסגעגעבן פון
די דריי זין
פון הינדע בערגנער:

משה הררי
1892-1921

מלך ראַוויטש
1893 ——

הערץ בערגנער
1907 ——

געדרוקט אין מאָנטרעאל אין יאָר 1946

די הוצאות פון ארויסגעבן דאָס בוך זענען אינגאנצן געדעקט געוואָרן פון מ. ראַוויטש און ה. בערגנער. דער פריערדיקער פלאן צייטווייליק צו פארווענדן דערצו 250 דאָל. פון א פאָנד איז אויפגעגעבן געוואָרן, דער פאָנד — נישט אָנגע־רירט. מיט דער הכנסה פון פארקויף פון דעם בוך וועלן נאָר טיילווייז געדעקט ווערן די דרוק־קאָסטן, דאָס איבעריקע וועט פארטיילט ווערן לטובת יידישע שרייבער אין אייראָפּע.

ALLIED PRINTING TRADES UNION LABEL COUNCIL MONTREAL P.Q. 42

# אינהאַלט און סדר פון די משפּחה־זכרונות

מיין ברודער נטעיס קאמף פאר אייראָפּעישער טראכט
מיין יינגסטער ברודער מרדכי
א „פירער" פאר א שנעל אין דער נאָז
מיין ברודער מרדכיס אייגענע שפּראך
מיין ברודער מרדכיס „פלאגן זיך"
מיין שוועסטער לייטשעס ערשטע חתונה
שלמה־זלמן, מיין יונג־פאַרשטאָרבענער שוואָגער
מיין טאטע באווייגט שלמה זלמנען
ריווטשע, שלמה זלמנ׳ס טאָכטער
לייטשע מיט די פולע קעשענעס צייטונגען
אברהם משה — לייטשעס מופת־קינד פון קאמארנער רבין
אברהם משה ווערט א סטודענט
לייטשעס קינדער
ריווטשעס קינדער
נאָך וועגן עטליכע שידוכים
מ׳עו רעדט מיר דעם שידוך מיטן טאטן
מיין חתן קומט אויף א באזוך
דער שבת־שפּאציר פון חתן־כלה
די צוזאמענגעפּאָרענע חתונה אין כיראָוו
מיינע חתונה־געשאנקען
געסט פון חתנס צד
געסט פון דער כלהס צד
דוד באַגאַטש, דער רעדימער סארווער
דעם טאטנס זיידע — רב אייזיק
רב אייזיקס טאנץ מיט אלע קינדער און קינדס־קינדער
מיין טאטע איז נישט צופרידן מיט מיין חתנס זיידן...
מיין טאטע לאָזט איבער די חתונה און פאָרט אהיים
דער סוף פון חתונה־בוקעט פון ווייסע רויזן
איך בלייב מיט מיינע אייגענע האָר
דער פעטער איטשל קאַץ און די באָשניאצקע מעסערס
דאָס שבתדיקע אין שול־פירן
צוריק פון שול — עטליכע און צוואנציק קידושן
שבע ברכות
לייגן־פירן
אונזער חתונה־נסיעה קיין רזשאבטש
א בעלזער חסיד, וואָס עסט אין א תענית
א מעשה מיט סס פאר וואלד־חיות
א „פערבל" מיטן יונגען פאָר־פאָלק
פעפי, די רויטהאָריקע קאָרטן־שפּילערין
די פאמיליע לעווענהערץ און זייער גוט
דאָס ערשטע מאָל איז אזא נאָבעלער געזעלשאפט...
אויסגעפּוצטע אוקראַינקעס

דער יונגער לעווענהערץ
ביים טיש
דער פאמיליען־קאָנצערט
רוזיע
בעלז מיטן רבינס הויף
א מעשה מיט וואָנסעס
אין יידישן טעאטער אין לעמבערג
צוריק פון דער חתונה־נסיעה
מיין טאטנס בוכהאלטעריע
לעמבערג
אין דער אייגענער נעסט
ערשטער טאָג פון עסן קעסט
מיין טאטנס בוכפירונג
די ערשטע זעלבשטענדיקע געשעפטן

---

## א וואָרט פון די ברידער וואָס גיבן אַרויס אָט די משפּחה־זכרונות פון זייער מאַמען

---

דאָס בינטל משפּחה־זכרונות פון אונזער געליבטער מאַמען הינדזיע בערגנער בת בלימה און יוסף ראָזענבלאט, וואָס מיר ברענגען דאָ אין עטליכע הונדערט עקזעמפּלאַרן צו א באַגרעניצטן קרייז פון דער יידישער עפנטלעכקייט— פּרעטענדירט נישט צו זיין א ליטעראַריש ווערק. עס פּרעטענדירט אויך נישט צו זיין א שריפט, וואָס האָט א געזעלשאַפטלעכן אָדער וויסנ־שאַפטלעכן אינטערעס. אונזער טייערע מאַמע, וואָס האָט די זכרונות, אָט אַזוי ווי מיר ברענגען זיי דאָ, געשריבן האָט בשעת פאַרצייכענען זיי פאַר זיך געזען א פּובליקום פון עטליכע אירע, אויף די פינגער פון איין האַנט אויסצוציילן, פון איר סאַמע נאָענטסטער משפּחה.

אונזער מאַמע איז געבוירן געוואָרן דעם 10טן אָקטאָבער 1870 אין דעם שטעטעלע רעדים (אויף פּויליש: ראַדימנאָ), וואָס ליגט ביי דער זשיקע (א טייכל — האָט מען ביי אונז אַזוי גערופן) ראַדאַ, וואָס פאַלט אַריין אין טייך סאָען (סאַן), צווישן די צוויי גרעסערע שטעט יערסלעוו (יאַראָסלאַוו) און פּשעמיש אָדער פּרעמיסלע (פּשע־מישל), וואָס ליגן אויך ביידע ביים סאַן. אונזער שטעטל האָט געהאַט ביז 4000 נפשות, דערפון א העלפט — יידן. ליגנדיק צווישן צוויי גרעסערע שטעט, האָט דאָס שטעטל אַלעמאָל געהאַט א טענדענץ צו עמאַנציפּירן זיך פון דעם פאַרשימלטן אַלטן שטייגער לעבן. האַלב רעדים האָט יעדע וואָך כאָטש איינמאָל געמוזט זיין אָדער אין יערסלעוו, אָדער אין פּשעמיש, די ערשטע שטאָט — א פערטל שעה, די אַנדערע — א האַלבע שעה מיט דער באַן ווייט פון אונזער שטעטל. מיט א קליינעם איבעריים פון דריטהאַלבן יאָר אין ערשטן וועלט־קריג, ווען אונזער משפּחה האָט באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע „פּליכטלינ־גען" און האָט געוווינט אין ווין—האָט אונזער מאַמע איר גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט אין איר געבוירן־שטעטל. אירע ווייטסטע רייזעס זענען געווען וואַרשע, ווין, לעמבערג, קראָקע, סטאַניסלע. דעם 23טן יולי 1939, זיבן טעג אין חודש אב, איז אונזער טאַטע אפרים בן זעליג

בערגנער (געבוירן אין יאָר 1866) אוועק פון דער וועלט. ער איז אוועק מיד און קראנק אין זייער שווערע לײדן, נאָך א לעבן א פאר־נומענס ווי א בין מיט 1000 אייגענע געשעפטן, וואָס האָבן אים קיינמאָל קיין עשירות נישט געבראכט, און 1001 קהילישע דאגות, וואָס האָבן אים געבראכט אסך ליבשאפט מצד די יידן פון זיין שטעטל; דער עיקר אָרימעלייט און געקריוודעטע. אונזער מאמע האָט נאָך אין יאָר 1942, לויט א ידיעה געשיקט דורך׳ן „רויטן קרייז", געלעבט אין פשעמישלאני ביי לעמבערג. דאָס אלץ וואָס מיר ווייסן. נאָך דעם ווי דאָס שטעטל איז אין 1939 פארנומען געוואָרן פון די נאציס איז זי אריבער אויף דער סאָוועטישער זייט, האָט זיך אויפגעהאלטן אין ראווע־רוסקע, אין פשעמישל, צום סוף אין פשעמישלאני. זי פלעגט זיך ווענדן צו די יידישע שרייבער אין לעמבערג נאָך הילף און זיי האָבן איר די הילף געשיקט פון דעם קארגן, וואָס זיי האָבן אליין אין יענע צייטן געהאט. זאָל זיי דאָ געדאנקט ווערן. עס איז געוועזן — לויט ווי מיר ווייסן — דער קדוש אלטער קאציזנע, דער קדוש יהושע פערלע, דער קדוש אברהם זיינפעלד, א ייוואָ־טוער, רחל ה. קאָרן, ישראל אשענדראָף. אין פשעמישל האָט זי זיך אויפגעהאלטן ביי די משפחות גוט און לעוו, וואָס ווערן דערמאָנט אויף די בלעטער פון די זכרונות; אין פשעמישלאני האָט זי זיך אויפגעהאלטן ביי א משפחה לאָקס צוזאמען מיט איר יינגסטן ברודער מרדכי. אויך ער איז אין די זכרונות דערמאָנט. געלעבט האָט זי פון די רעשטלעך פון צירונג און זילבערוואַרג, וואָס איז נאָך געבליבן פון אמאָליקע גוטע צייטן און איז נאָך נישט געוועזן פארקויפט אָדער פארזעצט אין „שווארצע שעהן". דאָס גרויסע עשירות פון אונזער משפחה האָט אין דער אמתן באלאנגט צו אונזער זיידן יוסף ראָזענבלאַט. ווו און ווען נאָר מעגלעך האָבן די זין ביזן טראַגישן 22טן יוני 1941 געשיקט הילף.

זינט אויגוסט 1942 איז פארשוואונדן יעדע שפור פון אונזער מאמען אין דעם ים פון צער און בלוט און טויט, וואָס האָט פארגאָסן גאנץ אייראָפּע פון עק ביז עק. אירע לעצטע ווערטער דורך קרובים פון דער שווייץ זענען געווען: שיקט גיך הילף, איך בין שוין זייער שוואך, עס וועט באלד זיין צו שפעט.

* * *

די אידעע, אז די מאמע זאָל אויפשרייבן אירע זכרונות, איז גע־קומען פון אירע זין. זיי האָבן געוווסט, לויט דעם סטיל און אופן

שרייבן פון אירע בריוו, אז זי האָט שרייבערישע פעיקייטן און האָבן אויך געוווסט אז זי האָט אמאָל אפילו געהאט שרייבערישע אמביציעס. געלעזן האָט זי ימים גאנצע אין דריי שפּראַכן: יידיש, פּויליש און דייטש.

אז די זין האָבן פאָרגעלייגט — און שוין געגוג שפּעט, ערשט אין יאָר 1937 — אז די מאמע זאָל שרייבן אירע זכרונות, האָט זי זיך מיט א הייסן גייסטיקן הונגער צוגעכאפּט דערצו. ענדליך איז איר חלום פארווירקלעכט. זי וועט מעגן שרייבן און זיך נישט דארפן מיט דעם שעמען. ביז איצט, אז אירע זין האָבן אמאָל, ערגעץ־ווו אין ביכער באהאלטענע, באמערקט אירע נאָטיצן און אפילו לידער אין ווייסע פערזן, פלעגט זי אזוי רויט ווערן פאר בושה ווי א קליין קינד, וואָס האָט אָפּגעטאָן גאָט ווייסט וואָס פאר א זאך . . . מיט פרייד האָט זי, נאָך די אויפפאָדערונגען צו שרייבן זכרונות, דערציילט אין בריוו אירע זין וויאזוי דער טאטע האָט איר צוגעשניטן לאנגע שטיקלעך פּאפּיר „פּונקט אזעלכע ווי מען נוצט אויף אמתע מאנו־סקריפּטן", ווי ער האָט געקויפט פרישע טינט און פעדערס און ווי ער האָט איר געזאָגט מיט איראָניע אָבער אויך מיט ליבשאַפט: — נו, הינדזיע, אונז איז שוין באשערט, אז אונזער גאנצע משפּחה זאָל זיין לויטער שרייַבארעס. סוף כל סוף וועל איך אויך ווערן אַ שרייבער . . . דערווייל וויַז דו וואָס דו קענסט.

געשריבן האָט זי די זכרונות אין פארלויף פון אַנדערטהאלבן יאָר מיט זייער גרויסע איבערייסן. אלע עטליכע בלעטלעך פלעגט זי אוועקשיקן צו אירע זין, און אז זיי האָבן איר געשריבן, אז עס איז גוט און זי זאָל שרייבן נאָך און נאָך—איז זי געווען אין זיבעטן הימל.

זי איז אָבער געווען הילפלאָז בנוגע פארם, זי האָט קיין שום מוסטער פון אזא מעמוארן־ווערק פאר זיך נישט געהאט, זי האָט נישט געוווסט וואָס צו עלימינירן און וואָס אונטערצושטרייכן, זי האָט מענשן, וואָס אירע זין האָבן פערזענליך געקענט, נישט באשריבן, ווייל זיי קענען זיי דאָך סאַי ווי און זי שרייבט דאָך נאָר פאר די זין. אז אירע נאטירלעכע שרייבערישע, מאָלערישע פעיקייטן האָבן זי אוועק־געפירט פון דעם טרוקענעם דערציילן עפּיזאָדן — און נאָר פון עפּיזאָדן, האָט זי געמיינט, דארפן באשטיין זכרונות — פלעגט זי זיך אנטשולדיקן. זי פלעגט אירע כתבי־יד סטיליזירן, צווייטמאָל איבער־שרייבן — און א פּאָר אזעלכע טאָפּל־בלעטלעך פון די זעלבע עפּיזאָדן זענען צופעליק אריינגעפאלן צו די זין אין די הענט. זיי ווערן געגעבן אין ביידע ווערסיעס.

ביז איינמאָל, אין יאָר 1938, איז אונזער מאמען דער גאנצער ענין נמאס געוואָרן. זי האָט זיך עפּעס דערפילט נאריש: „זיצט אן אלטע יידענע און שרייבט און שרייבט" . . .

און דאָך, אין יאָר 1941, קנאפּ פאר דער היטלער־אינוואזיע, שוין אין איר 71טן יאָר האָט זי פון פּשעמישלאני צו איינעם פון אירע זין געשריבן: איך פיל, אז איך וואָלט געקענט אסך שרייבן ווייל איך האָב ערשט איצט קענען געלערנט די מענשהייט. איך בין אָבער זייער געשטערט, איך האָב נישט קיין ווינקל פאר זיך. עס איז שוין פרילינג אָבער ביי אונז איז נאָך טיפער ווינטער און איך בין בלוי פאר קעלט.

פון שרייבן האָט שוין נישט געקענט מער זיין קיין רייד.

אין א פריערדיקן בריוו האָט זי דערציילט: איך האָב מיר אליין אויסקאָמפּאָנירט א ניגון און זינג אים, ווען איך בין שטארק טרויעריק און אליין, צו אייך, מיינע זין, און עס דאכט זיך מיר, אז איר הערט אייער פאראיינזאמט מאמעלע.

איין זון איז דעמאָלט פירטויזנט־מייל ווייט געוועזן פון איר, א צווייטער — צוועלף־טויזנט . . .

זי האָט אַנטלויפנדיק מיטגענומען ביכער פון אירע זין: אייערע לידער, אייערע דערציילונגען גיבן מיר כח צו לעבן און האָפן, אז מיר וועלן זיך אפשר נאָך זען.

* * *

פארוואָס מיר גיבן די זכרונות — אָט אזוי ווי זיי זענען — ארויס? פּיעטעט צו אונזער מאמען הייסט עס אונז טון—און א מיסטיש געפיל. פּונקט ווי איר האָט זיך געדאכט, אז מיר הערן איר ניגון אויף טויזנטער און טויזנטער מיילן — אזוי וויל זיך אונז דאכטן, אז זי זעט אונזער אויפטו פון דער אומענדליכקייט, ווו זי געפינט זיך איצט ערגעץ, צוזאמען מיט די איבעריקע זעקס מיליאָנען אירע און אונזער אלעמענס שוועסטערן און ברידער, וואָס זיינען מיט איר אינאיינעם אומגעקומען אין ים פון יידישן אומגליק.

און נאָך א סיבה פארוואָס מיר טוען עס: א וועלט, א יידישע אי־איינגעפאלן, ליגט אין חורבות, און אפילו די חורבות צעטראָגט שוין; די מענשליכע ליידנשאפט צו פארגעסן די אמאָליקייטן. כאפּן מיר ארויס אַ ברוכשטיק פון אָט די חורבות פון אַ געוועזענער שיינקייט, פּוצן עס ארום און שטעלן עס אוועק אין א באשיידן ווינקל אין דעם פּאלאַץ פון דער הערליכער יידישער ליטעראטור, דעם אייביקן, אייביק לעבעדיקן מוזיי פון אונזער יידיש לעבן פון די לעצטע יאָרהונדערטער.

* * *

אויף צוויי געשטאַלטן, באַשריבן אין די זכרונות, ציען מיר ספּע־ציעלע אויפמערקזאַמקייט, דאָס זענען די געשטאַלטן פון צוויי פון אונזערע עלטער־זיידעס, ביידע געבוירן ביים סאַמע סוף 18טן יאָרהונדערט. משה — דער מאַמעס זיידע, אייזיק — דעם טאַטנס זיידע. איינער איז געווען א ייד א פּשוטער, זיין צונאָמען איז געווען: משה מורזע. אונזער מאַמעלע האָט עס, אין איר איידלקייט, פאַרשטעלט, אין אונזער קינדהייט, נאָך געפיקט אין דעם רעכט לגבי זיין גאַנצער חשיבות — און זי האָט אויך נאָך מיט רמזים אנגעדייט די ראָמאַנטישע איבערלעבונג פון דעם עלטער־זיידן משה מורזע, דעם ערליכן פּראָסטאָק. לאָמיר דאָס דאָ דערגענצן: אונזער שטיף־עלטער־באָבע מלכה'לע האָט פריער געהאַט א מאַן, האָט געלעבט מיט אָט דעם מאַן אויף א שלאַבאַן*. האָט אונזער עלטער־זיידע, וואָס איז געווען שטילערהייט פאַרליבט אין מלכהלען, געגעבן דעם יונגן פּאָר פּאָלק אן עצה, וויאַזוי צו קומען צו א „גראַצער". זאָלן זיי בעסער זיצן אויף צ ו ו י י שלאַבאַנעס וועלן זיי פאַרדינען טאָפּלט. אז אונזער ערשטע עלטער־באָבע איז געשטאָרבן איז אונזער עלטער־זיידע מיט מלכה'לעס מאַן, א שטיקל לעמעשקע, דורכגעקומען און מלכה'לע איז מיט מזל געוואָרן א גבירנטע און אונ־זער שטיף־עלטערבאָבע, א פרוי פון א מאַן, קרוב א האַלב יאָרהונדערט עלטער פון איר. זיי זיינען געווען יידן מיט כאַראַקטער, די אַמאָליקע יידן. דאָס ווייטערדיקע איז באַשריבן מיט גרויסער ליבשאַפט פאַר איר זיידן, דורך אונזער מאַמעלע וואָס האָט דאָרט פאַרוואַנדלט, צוליב טאַקט, די גרושה אין אן אלמנה . . . זאָל דער שיינער, מוטיקער ראָ־מאַנטישער עפּיזאָד נישט פאַרפאַלן ווערן פון זכרון פון אונזער משפּחה. די שפּעטערדיקע האַנדלונג פון אונזער עלטער־זיידן בנוגע זיין צווייטן „גאַנג" קינדער, יינגער פון ערשטן מיט א יאָר 40־50, טוט נישט אָן קיין בושה זיין גוטן נאָמען, און אפילו זיין צונאָמען.

א ייד פון גאָר אן אנדערן סאָרט איז געווען אונזער עלטער־זיידע אייזיק און בכלל די גאַנצע משכילישע משפּחה פון אונזער טאַטן. אין אָנגעשטרענגטע מאָמענטן צווישן מאַן און ווייב פלעגט אונזער טאַטע,

---

*אויף דייטש — שלאַגבאַום. דאָס זענען געווען פאַרצוימונגען אין מיטן פון נייע וועגן, ביי וועלכע אלע דורכפאָרער פלעגן זיך מוזן אָפּשטעלן און צאָלן עטליכע גרייצער „דראָגאָווע". א שטייער אויף בויען נייע וועגן. יידן פלעגן פאַכטן, אָדער אָפּדינגען, ביי דער רעגירונג אַלע שלאַבאַנעס פון גאַנצע דיסטריקטן און ציען דערפון פּרנסה.

א מענש פון לײדנשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט און לײדנשאַפטלעכער גוטסקייט, דערמאָנען אונזער מאַמען: פאַרגעס נישט פון וועמען דו קומסט, פאַרגעס נישט דעם נאָמען פון דײַן זײדן . . .

אָבער אויב מיר, זין, האָבן געירשנט פון ערגעץ־ווו דאָס ביסל אַרטיסטישע פעיקייטן — איז עס געקומען דווקא פון אונזער מאַמען. אירע שיינע, מאַנדל־פאָרמיקע אויגן פלעגן אָבסערווירן די וועלט און אַלין דערזען. אָפט פלעגט זי אין מיטן פון עפּיס א געשעפטס־שמועס, אָדער א משפחה־געזעלשאַפט, מוזן אוועק אין א צווייטן צימער זיך אויסצולאַכן. דאָס פלעגט אַלעמאָל ברענגען אין א מוראַדיקער אויפ־רעגונג אונזער טאַטן, אייביק פול מיט משכילישן טאַקט און וויל־דערצויגנקייט. די מאַמע האָט זיך אָבער נישט געקענט איינהאַלטן — מחמת זי האָט באַמערקט עפּיס א קאָמישן שטריך אין איינעם פון די סוחרים אָדער קרובים אָדער פרײַנט. זי האָט אויך געהאַט א מאָלערישן טאַלענט. אין אונזער קינדהייט פלעגט זי אונז אינמיטן פון אונזער האַרציקסטן געוויין אויפהייטערן מיט אירע פערדלעך וואָס זי פלעגט מיט צוויי דריי שטריכן איינס־צוויי, איינס־צוויי געבן אַ מאָל אויפן פּאַפּיר. און נישט גלאַט פערדלעך פלעגט זי מאָלן, נייערט פערדלעך מיט פליגל, פעגאַזן . . . אַזוי ווי לעבעדיקע שטייען זיי פאַר אונזערע אויגן נאָך פון די צייטן פון אונזערע ערשטע קינדער־יאָרן. באַפליגלטע פערדלאַך.

אונזער מאַמע איז אין איר יוגנט—לויטן גייסט פון איר צייט—גע־ווען אַביסל סנאָביש־אַסימילאַטאָריש, פלעגט זיך רופן „הענריעטטע” און נישט הינדזיע ווי זי האָט אויף יידיש געהייסן. נאָר אז די זין אירע זענען געוואָרן הייסע יידישע נאַציאָנאַליסטן—קעגן דעם גאַנצן אַרום פון דער צעצווייגטער משפחה, אין וועלכער כמעט די גאַנצע יונגע גענע־ראַציע איז געווען דורכאויס אַסימילירט מיט פּוילישקייט אָדער דייטשישקייט, און עס איז אפילו נישט איין פאַל פון שמד פאָרגע־קומען — איז זי באַלד מיט איר גאַנצן האַרץ אַריבער צום געדאַנקענ־גאַנג פון אירע זין. זי האָט אויך באַלד פאַרשטאַנען, אז יידיש לשון מיינט יידיש און נישט דייטשמעריש. זי האָט אָנגעהויבן קאָרעספּאָנדירן אויף עכט יידיש מיט אירע זין, און נישט דייטש אָדער פּויליש ווי ביז איצט. נאָר דער טאַטע איז געבליבן א משכיל ביזן סוף, פלעגט שרייבן מיט יידישע אותיות: מיין ליעבער זאָהן, היערמיט טהיילע איך דיר מיט, דאסס איך מיט גראָססעם פערגניגען דיין ליעבעס שרייבן עמפּפאַנגען האַבע א.א.וו.

*   *   *



**אפרים בערגנער**

פאָטאָגראַפירט אין סטאַניסלע אין יאָר 1890

מיר גיבן די דאָזיקע זכרונות ארויס אין נאָמען פון אלע דריי זין פון אונזער מאמען. מיר זענען מצרף אונזער עלטסטן ברודער, וואָס האָט דעם 26טן מערץ 1921 זיך פרייוויליק געזעגנט מיט אונזער וועלט. ער איז געוועזן געבוירן דעם 12טן אָקטאָבער 1892. 10 יאָרן לאנג איז ער געווען א חלוץ אין ארץ ישראל, איינער פון די ערשטע. אין יאָר 1910 איז ער קיין ארץ ישראל אנטלאָפן. ער האָט געדינט אין די יידישע לעגיאָנען אונטער ענגלאנד, געהאט אויסצייכענונגען, גע־קומען צייטווייליק אין 1920 קיין ווין צו פארפולקומען זיך אין זיין פלוצלונג אנטדעקטן גרויסן טאלענט פון מאָלן און דאָ האָט אים דער לעבנסווילן פארלאָזט. אונזער מאמע האָט אים ליב געהאט מיט אן אומענדליכער ליבע און אים קיינמאָל נישט אויסגעשטראָכן פון די לעבעדיקע. דעריבער זענען מיר אים דאָ מצרף.

חדשים־לאנג פאר זיין פרייוויליקן טויט פלעגט ער מאָלן יעדן טאָג אן אנדערן אויטאָפּאָרטרעט. מאָלן און צעריסן. איניקע זענען איבער־געבליבן. אויך דער סאמע לעצטער — דער שרעקליכסטער. מיר גיבן אין דער אויסגאבע פיר בילדער פון אונזער עלטסטן ברודער. איינס — א פאָטאָגראפיש בילד און דריי פון די עטליכע איבערגעבליבענע פון די הונדערטער אויטאָפּאָרטרעטן זיינע. דער לעצטער איז געצייכנט א טאָג פארן טויט. אלס משה הררי (פריער: הרוני) איז אונזער ברודער באקאנט געוועזן אין ארץ ישראל, אונטער דעם נאָמען האָט ער געדינט אין דער ארמיי, מיט דעם נאָמען פלעגט ער אונטערצייכענען זיינע בילדער, אונטער דעם נאָמען האָט ער עטליכע מאָל געדרוקט אין העברעיש, פריער אין פויליש, קינסטלערישע אימפּרעסיעס אין וואָרט פון דעם לעבן פון די חלוצים אין ארץ ישראל פון פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מיר גיבן אויך אין דעם בוך עטליכע רעפּראָדוקציעס פון בילדער פון יוסף בערגנער, איינעם פון די צוויי איניקלעך, פון עלטערן זון, פון אונזער מאמען, וואָס צו אים זענען אויך די זכרונות געווענדט. בלימע רות, וואָס ווערט דאָרט צוזאמען מיט אים דערמאָנט, איז יוסף׳ס עלטערע שוועסטער — זי איז א טענצערין. איר מוזיקאלישקייט האָט זי געירשנט פון איר מאמען, א זינגערין, פאניע בערגנער־ראוויטש.

עטליכע בילדער פון אונזער שטעטל, פאמיליע־בילדער און א פאק־סימיליע דערגענצן די אויסגאבע.

* * *

מאמעלע אונזערע! אסך, אסך פון דיינע חלומות זענען געבליבן אייביקע חלומות נאָר, אָבער דיין חלום צו שרייבן האָט באקומען א

תיקון . . . אָט ביזטו אויך א שרייבערין ווי דיינע זין . . . זיי זענען דיר מקנא דיין צימצום, דיין קענען מאָלן א מענש מיט צוויי־דריי שטריכן. זיי מוזן מאכן ווערטער אסך־אסך, כדי עפּיס אַרויסצוברענגען. אפילו די צו לאנגע הקדמה איז אן עדות, אז אזוי איז עס.

מלך ראוויטש
מאָנטרעאל, קאנאדע.

הערץ בערגנער
מעלבורן, אויסטראליע

נאָוועמבער 1945.

*   *   *

פּ.ס. — א העלפט פון די כתבי יד האָט זיך געפונען אין אויס־טראליע, א העלפט אין קאנאדע.

מיר האָבן די זכרונות איבערגעשריבן פארן דרוקן. די אָרטאָגראפיע איז שוין אין אָריגינאל כמעט א מאָדערנע ייווא־אָרטאָגראפיע געווען. איינציקע צו לאנגע זאצן האָבן מיר געמוזט צעטיילן אין עטליכע קלענערע. ווי אלע גאליציאנער האָט אונזער מאמע געהאט א טבע צו נוצן לאנגע זאצן. יידיש לשון פארטראָגט עס נישט. דער סטיל איז דורכאויס דער מאמעס. די ענדערונגען זענען מינימאלע. מיר האָבן נישט געפונען פאר נויטיק איבערצולאָזן דורכאויס דער מאמעס אָר־טאָגראפיע מחמת די זכרונות האָבן נישט, פון שפּראכלעכן שטאנד־פונקט, קיין ספּעציעלן פאָרשערישן ווערט. אַ פאקסימיל פון א טייל פון דער זייט 70 גיט א מוסטער פון דעם כתב יד. נישט וועלנדיק צופיל מאניפּולירן ביים כתב־יד האָבן מיר איבערגעלאָזט דער מאמעס כראָ־נאָלאָגישן תוהו־ובוהו. מיר האָבן אָבער צוליב איבערזיכטלעכקייט באטיטלט די פאראגראפן — און דערמיט אויטאָמאטיש איינגעשטעלט א סדר.

א דריי־פיר בלעטלעך האָבן מיר פון טעקסט עלימינירט, מחמת זיי האָבן אנטהאלטן צו פּערזענליכע מעשיות וועגן מיטגלידער פון אונזער משפחה.

ה.ב. — מ.ר.

ין די לאנגע ווינטער־נעכט זיץ
איך אָפט איינזאםביים אויוון און מיינע געדאנקען זענען ווייט ביי מיינע קינדער און אייניקלעך, וואָס זענען צעשאָטן איבער דער ברייטער וועלט. ס׳ווילט זיך זיין נאָענט פון זיי, דערציילן זיי פון מיינע קינדער־יאָרן, וואָס שווימען אויף פאר מיר אזוי בולט, ווי כ׳וואָלט נאָך אליין איצט א קינד געווען.

איך לויף אין שולע . . .

איך פיל נאָך איצט די קעלט פון דעם ווינטערדיקן פרימאָרגן, ווען כ׳האָב זיך איינגעטוליעט אין א גרויסער קראַטענער שאַל מיט לאנגע פראַנזן, ארויסגעגנבעט זיך פון שטוב אין שולע אריין. כ׳האָב נאָך געהערט דעם טאטנס בייזער פון נעכטן, וואָס האָט מיך געמוסרט. אז אזא „גרויסע מויד זאָל בעסער אין זין האָבן דאָס געשעפט. איידער זיך צו פארדרייען דעם קאָפּ מיט נארישקייטן״, ער דארף נישט האָבן קיין „פילאָזאָף״. אין דרויסן איז נאָך געווען פינסטער, כ׳האָב מיך שנעל געאיילט, כדי קיינער פון די שטוב־מענשן זאָל מיך נישט באמערקן און איינהאלטן.

די שול איז נאָך געווען פארשלאָסן, האָב איך צוגעוואַרט, אָדער געבעטן די סטרוזשאָווען, זי זאָל מיר עפענען. איך בין געווען זייער פלייסיק. איך האָב געמיינט אז איך וועל ווערן עפּעס „אויסערגעוויינטלעכס״. אין שול איז געווען טונקל, האָב איך אָנגעצונדן אַ ליכט, וואָס כ׳האָב גענומען פון דער היים, קיינער זאָל נישט זען און דערווייל געשטיקט א גרויסע הארסשאַל. אויך מיט דעם האָב איך מיך געמוטשט אויסהיטן, ווייל טאָמער האָט מיך מיין טאטע אפילו ביי אזא פראקטישער ארבעט געפּאקט, האָט שוין גאָרנישט געהאָלפן, וואָס איך האָב שנעל די ארבעט ארונטערגעוואָרפן אונטערן טיש. דער טאטע פלעגט זאָגן „א טאָקערין, שטיקערין קען איך האָבן פאר א זעקסערל״ און דו דארפסט בעסער אכטונג געבן אין שפּייכלער, מען זאָל מיך נישט באגנבענען. אָבער דאָך האָב איך מיין ווילן אויסגעפירט. איך האָב געלערנט און אכטונג געגעבן און באקומען „נאַגראָדעם״ אין דער שולע.

מיין טאטע האָט מיך ליב, אָבער
לערנען לאָזט ער נישט . . .

געענדיקט די שול אין רעדים, האָט געמיינט מיין טאטע, אז דאָס איז שוין גענוג און איך וועל אים קענען פירן זיינע חשבונות. און ליב האָט ער מיך זייער געהאט, ווייל פון פערצן קינדער זענען אים פארבליבן זעקס און איך בין געווען די יינגסטע פון די פארבליבענע דריי טעכטער. די עלטערע צוויי שוועסטער מיינע האָבן שוין געהאט חתונה געהאט. בעת דער טאטע איז ערגעץ געפאָרן, האָט ער מיר דאָס גאנצע געלט איבערגעלאָזט, און וויניק איז עס נישט געווען, ביי א צען טויזנט רייניש, אָדער גולדן.

בשעת איך האָב אין דער פעריען־צייט געבעטן מיינע עלטערן, זיי זאָלן מיר ערלויבן צו פאָרן קיין יערסליוו צו מיינס א מומען, מיין מוטערס א שוועסטער, ווייל דאָרט איז אויך געווען א קוזינע אין מיינע יאָרן, האָט מען מיך נישט געלאָזט. בין איך ברוגז געוואָרן און אנטלאָפן צו מיין שוועסטער מירל, ווייל דאָרט איז מיר געווען היימלעך. זי האָט געהאט מערערע קליינע קינדער. איז דער טאטע געווען דערפון זייער געקרענקט און געטון אלצדינק מיך איבערצובעטן. ער איז געפאָרן מיט מיר קיין יערסליוו צום רבין ר' בונם־מענדל, ער זאָל מיך בענטשן, אז איך זאָל מער נישט ברוגז ווערן מיט אים, מיטן טאטן. אז דער רבי האָט מיך געפרעגט פארוואָס איך וויל מיך נישט איבערבעטן, האָב איך געענטפערט „דער טאטע שלאָגט מיך".

נאפּטאָלטשע . . .

זינט דעמאָלס בין איך שוין קיינמאָל נישט ברוגז געוואָרן און דער טאטע האָט די מעשה אלעמאָל נאָכדערציילט און זיך געפרייט מיט מיין „גוט ווערן". און א פארגיטיקונג האָב איך דערפאר געהאט, וואָס דער טאטע איז מיט מיר געגאנגען צו מיינס א פעטערס א יינגעלע אין חדר אריין. דאָס יינגעלע איז מיר דעמאָלט געפעלן. ער האָט געטראָגן א בלויען אנצוג מיט גאָלדענע קנעפּלעך און איך האָב אים געגעבן א „פירער", פיר גרייצער א מתנה. כ'געדענק נאָך ווי דער פעטער האָט דעמאָלט געזאָגט צו מיין טאטן:

— קליינערהייט איז מען זיך משדך, און שפּעטער זוכט מען א סך גדן . . .

געהייסן האָט דאָס יינגל נאפטאָלטשע. ער איז פון חדר מיט מיר מיטגעגאנגען העלפן מיר אויסקלויבן א היטעלע. דאָס היטעלע איז

געוועזן ווייס, א טעלער־־פאַסאָן מיט בלויע בענדעלעך אין א זיג־זאַג ארומגעניייט. אזוינע היטעלעך האָבן געהאַט דעם דאָקטאָר רייס׳עס טעכטער. נאָך פיל יאָרן שפּעטער, ווען מיינס א ברודער האָט זיך מיט מיר געקריגט, פלעגט ער מיר פארוואַרפן נאַפּטאָלטשען.

מיין באָבע עטל, מיין מאַמעס מאַמע

מיין מאַמעס מאַמע, מיין באָבע, האָט געהייסן עטל פּרייפעלד און ווען דער זיידע מרדכי פרייפעלד האָט געלעבט, האָט דאָס פּאָר־ פאָלק געוווינט אין שטשיטנע און געהאַט אן אייגענע קרעטשמע. אז מיין טאַטע האָט געוואָלט געבן דער מאַמען א שטאָך האָט ער איר פאָרגעוואָרפן, אז זי איז פון א דאָרף. די באָבע עטל געדענק איך זייער גוט, כאָטש איך בין געווען א זעקס־זיבן יאָר אלט, ווען זי איז גע־ שטאָרבן. געשטאָרבן איז זי ביי איר יינגסטער טאָכטער אין פּאוולאָ־ שאָוו. די באָבע עטל איז געווען דין און מיטלגעוויקסיק, מיט דראָבנע געזיכט־צוגן, די אויגן שוין געדרויטלט צוליב דער עלטער. זי איז אביסל ענלעך געווען צו מיין מאַמען. דעם זיידן מרדכי האָב איך שוין נישט געקענט. ער איז זייער יונג געשטאָרבן און די באָבע עטל איז געבליבן אָן מיטלען צום לעבן. קיין זין האָט זי נישט געהאַט און פון די פיר טעכטער איז מיין מאַמע געווען די רייכסטע, איז זי צוליב דעם צו־ מיינסטנס ביי אונז געווען. איך געדענק נאָך איין קלייד אירס, וואָס איז געבליבן הענגען אויף דעם בוידעם, בעת זי איז געפאָרן צו איר יינגסטער טאָכטער קיין פּאוולאָשאָוו און איז שוין דאָרט געשטאָרבן. איז דאָס קלייד געבליבן צום אָנדענק. ווען איך בין געגאַנגען מיט דער וועשין אויף דעם בוידעם, האָב איך מיך אָפּגעשטעלט באַוווּנדערן דאָס קלייד. עס איז געווען פון שוואַרצן זייד, מיט גרויסע בלוי־שימערירנדע בלעטער. אַזאַ אַרט פּרינצעסין־קלייד מיט א „מידער״־סטאַניקל פון אינעווייניק מיט פיש־ביין צום צושנירן ארום דער פיגור. אויף דעם בוזים א ברוסט־טוך פון קאַנאַריק־געלן מושלין מיט שוואַרץ־בלויע סאַמעט־בענדעלעך אויסגענייט. און אונטן ארום ראָק א קליינע קרינאָלינע.

ווען די באָבע עטל פלעגט שבת אָנטון דאָס קלייד און אויף דעם קאָפּ דאָס „קעפּל״, אנשטאָט א שייטל מיט א היטעלע, האָט זי אויס־ געזען זייער מאַיעסטעטיש. דאָס „קעפּל״ איז געווען פון העל־לייכטן זיידן־בראָקאַט, אויף דעם מוח א מאַש אויס גאָלד־געלבן סאַמעט מיט „בלאָנדן״ ארום און א פּליסירט פאַלבאַנקעלע פון העל־לילאַ מיט

„בלאָנדן" ביז איבער די אויערן אריבער. אינגאנצן האָט דאָס „קעפּל" אויסגעזעען ווי די רביצינס טראָגן נאָך היינט־צוטאָג. די לאנגע אויערינג פון דימענטן אין זילבער געפאסט זענען געהאָנגען אויף דעם „קעפּל" ביי די זייטן און דאָס שטערנטיכל אויך אויף דעם קעפּל איבער דעם שטערן ווי א קרוין. דאָס שטערן־טיכל איז געווען אויסגעשטיקט מיט פלאכע פּערל און מיט דימענטן.

אַ טראגעדיע מיט א קוואָקע און
אירע הינדעלעך . . .

אז די באָבע איז געווען אָנגעטון שבתדיק, האָב איך אינגאנצן פארגעסן אין דער עוולה, וואָס זי האָט מיר געטון מיט דער קוואָקע און קליינע הינדעלעך. איך וועל איצט דערציילן פון דער עוולה, וואָס מיין באָבע האָט מיר געטון:

ביי אונז אין דער היים איז געווען געפירט א דאָרפישע באלעבאטיש־קייט. מיר האָבן געהאט, נאָענט פון דער שטאָט, אייגענע פעלדער, גע־האלטן עטלעכענע קי, צוגעזעצט פון צייט צו צייט א קעלבל און עס אויפגעבאָוועט. איך האָב די ווירטשאפט ליב געהאט, כ'פלעג גיין מיט דער גויאישער דינסט רושקען אָפּט נאָך היי אין סטאָדאָלע אריין פאר די קי'ס וועגן. דער טאטע אָבער איז מיט דעם נישט געווען צופרידן און פלעגט מיך גיכער שיקן צום שפּייכלער אכטונג געבן ווי מען לאדע־וועט אויס תבואה.

איינמאָל, ווי איך שטיי אזוי אין שפּייכלער לעבן דער שטאל, פאלט מיר איין א געדאנק און איך גיב א פרעג אונזער אלטער גויאישער דינסט רושקען, וואָס האָט גראָד געמאָלקן די קי:

— הער רושקע... אפשר וואָלט כדאי געווען אויפצוזעצן די גרויסע שימעניאטע הון אויף דעם האלבן שאָק אייער, וואָס מיר האָבן געפונען אויף דעם בוידעם פון דער שטאל?

זאגט זי:

— יאָ... יאָ!...

און מיר ביידע, קיינער זאָל נישט וויסן, האָבן „אויפגעזעצט" די שימעניאטע הון, ווייל זי האָט געקוואָקעט און געוואָלט „זיצן". און ווי גרויס איז מיין פרייד געווען ווען די הינדעלעך האָבן אָנגעהויבן ארויסקריכן פון די אייער און ארויס זענען אזש גאנצע צוויי־און־צוואָנציק. איך האָב זיי געקאָרמעט מיט קעז און געקויפט פאר מיין אָפּגעשפּאָרטן טאשן־געלט קאשע פאר זיי. אין א גרויסן פּשעטיק, אין

דער קיך, אונטער א באנק־בעטל, האָב איך זיי געהאלטן. און די באָבע איז געשלאָפן אין אלקער לעבן דער קיך. פלעגט דער באָבען דאָס האלטן די הינדעלעך ביי דער נאכט אין דער קיך נישט געפעלן. ביז איינמאָל אין א פארנאכט, ווען די קוואָקע מיט די צוויי־און־צוואָנציק הינדעלעך זענען שוין געשלאָפן אונטער דעם באנק־בעטל אין זייער בעט דעם פשעטיק און איך בין אפשר אויך שוין געשלאָפן, האָט די באָבע באפוילן דער יידישער דינסט אונזערער סאָשען, זי זאָל די קוואָקע מיט די הינדעלעך מיט האק און פאק ארויסטראָגן אין דער האָלץ־קאמער אריין לעבן דער שטאל אויף דעם פאָדוואָר.

אין דער פרי, ווי געוויינטלעך, נאָך נישט אָנגעטון, לויף איך אין קיך אריין צו זען זיך מיט מיינע הינדעלעך און געבן זיי צו עסן. איך זוך דעם פשעטיק און נישט געפינענדיק אים, וועק איך די דינסט און שריי: סאָשע ווו זענען די הינדעלעך?! ענפערט זי פארשלאָפן: אין הויף, אין האָלץ־קאמער. די באבטשע האָט זיי געהייסן ארויסטראָגן! לויף איך שנעל, אין איין אָטעם, צו דער קאמער, אָבער ווי דער־שטוינט בין איך געבליבן, דערזעענדיק פון א שפארע פון דער קאמער־טיר ארויסשטארצן א שימעניאטן פליגל פון דער קוואָקע. גיך אויפ־רייסנדיק די טיר פון דער קאמער, און דערזעענדיק דעם חורבן, בין איך געבליבן שטיין ווי פארגליווערט. די קוואָקע אָן דעם קאָפּ, נאָר מיט די פליגל און קיין שפור פון קיין הינדעלע איז נישט געווען. אפילו קיין פעדערל אויך נישט. פרעג איך רושקען, וואָס האָט מיר געהאָלפן אויפזעצן די הון — ווייל נאָר זי האָט געקענט פארשטיין מיין עגמת־נפש — וואָס קען דאָס זיין? און איך דערצייל איר, וואָס איך האָב געזען אין דער קאמער. זאָגט זי צו מיר: אוי, פאניענקאָ, איך האָב שוין פריער פאר דיר דאָס באמערקט, דער טכויער האָט די הינ־דעלעך אוודאי אלע זאדושעט און דאָס איז דיין באָבטשע שולדיק!

איך האָב דער באָבען דאָס שוין לאנג מוחל געווען.

מיין זיידע מרדכי, מיין מאמעס
טאטע

דעם זיידן מרדכי, מיין מוטערס פאָטער פון שטשיטנע האָב איך נישט געקענט, ווי איך האָב שוין פריער דערציילט. דער זיידע איז גאָר יונג געשטאָרבן. ער האָט געהאלטן די קרעטשמע פריער אין שטשיטנע און שפעטער אין פאוולאָשאָוו. קיין זון האָט ער נישט איבערגעלאָזט, נאָר טעכטער. האָט מיין מאמע, די עלטסטע פון די טעכטער, אים

געהאלטן די יאָרצייטן. אין דעם טאָג פון דער יאָר־צייט האָט זי פארטיילט א סך געלט פאר אָרעמע און אליין געמאכט וואקסענע ליכט און צעטיילט זיי אין אלע בתי־מדרשים.

מיין מאמעס גוטסקייט און
שטרענגקייט

מ׳דערציילט נאָך, אז ווען מיין מאמע איז געווען א קליין מיידעלע, איז זי שוין געווען זייער גוט צו נויטבאדערפטיקע. מ׳דערציילט אויך, אז זי פלעגט א לענגערע צייט יעדן פרייטיק גיין צו־פוס פון שטשיטנע קיין יערסליוו און איבערטראָגן דעם רבין ר׳ שמעון, וועלכער האָט געליטן דחקות, א „צוואָנציקער", א פלעשעלע בראָנפן אויף שבת. דער רבי ר׳ שמעון איז געווען דעם רבין ר׳ בונם־מענדלס פאָטער. איינמאָל, אין א פראָסטיקן, שנייאיקן פרייטיק איז זי אָנגעקומען קוים א לעבעדיקע מיט דער מתנה צום רבין און מיט די פארשטארטע הענט נאָך באוויזן אים די מתנה איבערצוגעבן און געבליבן כמעט א פאר־חלשטע. דער רבי ר׳ שמעון איז געווען שטארק גערירט פון מיין מאמעס גוטסקייט און מיט טרערן אין די אויגן צו איר געזאָגט:

— הערסט, מיידעלע... דו וועסט שוין דיין גאנץ לעבן אין קיין נויט נישט זיין און פון קיין שלעכטס נישט וויסן. און איך גיב דיר א ברכה דו זאָלסט זיין א גרויסע נגידית.

מיין מאמע איז געווען א גוטע פאר אָרעמע. א ייד, אָדער א קריסט, איז ביי איר געווען גלייך. יעדן הונגעריקן האָט זי געגעבן עסן. מיך האָט זי גאנצע טעג ארומגעשיקט צו אָרעמע מענטשן, מיינסטנס מיט עסנווארג. לייב־שניידער — א פריש־געבאקן ברויט. דער אלטער שרהן א יאַיכל. אבעלע־שניידער — א שטיקל פוטער און קעז. דעם רב אונזערן, ר׳ מענדעלען, האָב איך אָפּגעטראָגן א ביסל גוטע סמעטענע, אָדער מאשלאנקע מיט ארומשווימענדיקע גרויסע קרישלעך פוטער, עס זאָל אים היילן זיין שוואכע ברוסט. אָבער קינדער אייגענע האָט זי נישט געצערטלט. למשל, ווען איך פלעג אהיים קומען פון דער שליחות און מיך א מידע אנידערגעזעצט, האָט מיך מיין מאמע אָנגערופן ביים שבתדיקן נאָמען: הינדעלע, ביזט שוין מיד? הויך לאכן האָב איך נישט געטאָרט. לייענען א פויליש אָדער דייטש ביכל, האָט זי אָנגערופן מתעסק זיין זיך מיט „טריף־פסול" און דאָס פארביטן מיט הייסן לייענען מיר די צאינה וראינה.

איך אנטלויף קיין יערסליוו — לערנען . . .

ווי איך האָב נאָר געענדיקט די פאָלקס־שול, האָט די מאַמע מײַנע מיך געוואָלט אײַנשפּאַנען צו דער ווירטשאַפט, דער טאַטע צום מסחר און איך, מיט מײַן קינדערישן שטאַרקן ווילן צום לערנען, האָב געקעמפט מיט די עלטערן — מײַנע חלומות אויסצופירן.

מײַן פאָטער האָט מיך זייער ליב געהאַט, אָבער פון מײַן אוועקפאָרן קיין יערסליוו לערנען האָט ער נישט געוואָלט הערן. וואָס איך האָב מיך בײַ אים נישט אויסגעבעטן, געהאַלזט און געקושט אים, אָבער געהאָלפן האָט עס נישט. די מוטער מײַנע וואָלט אפשר יאָ געווען אײַנגעוויליקט, איז זי אָבער געווען זייער פרום און פאַנאַטיש און האָט אַוודאַי מורא געהאַט פאַר דעם, אַז טאָמער וועל איך דערזען אַ גרויסע שטאָט, וועל איך נישט אויפוואַקסן אַ גרויסע צנועה. און אין מײַן מוח האָט כסדר געעגבערט דער אײנער געדאַנק — וויאַזוי צו געפינען אַ פּלאַן זיך אַרויסצוגנבענען קיין יערסליוו.

פלוצלינג, ווי איך ליג אַזוי וואַך, דאָס איז געווען אין אַ ווינטער־פאַרטאָג, דערהער איך צופאָרן די בריטשקע פון אונזער גוט מיכאַלווו־קע. עס איז נאָך געווען זייער פרי. בײַ אונז אין דער היים פלעגט מען זיך אויפהייבן אויך אין ווינטער זייער פרי, אַ זייגער פיר־פינף, און בײַ אַ ליכט, אָדער אַ לעמפּל האָט מען געלערנט, געדאַוונט און איבער־געכאַפּט פרישטיק, אַ הייסן קלײַען־באָרשט מיט פריש־געקאָכטע קאַר־טאָפליעס. פלוצלינג ווי איך ליג אַזוי און טראַכט און דערהער ווי עס פאָרט צו די בריטשקע פון אונזער גוט, פאַלט מיר אײַן אַ פּלאַן און איך הייב מיך גיך אויף און לויף אַרויס צום פורמאַן איוואַניע. איך גיב אים אַ פּעקעלע פון פינף־און־צוואַנציק פירער, דאָס איז אײַן רייניש, און בעט אים, ער זאָל קיינעם נישט אויסזאָגן און מיך איבער־פירן צו מײַן מומען קיין יערסליוו. און ווען דאָס גאַנצע בני־בית איז געווען פאַרטון אין דער אכילה, בין איך אַנטלאָפן.

דער טאַטע ברענגט מיך צוריק קיין רעדים

דאָס אוועקגנבענען זיך פון דער היים מיט דער כוונה דורכצוזעצן מײַן אויסגעחלומטן פּלאַן און לערנען זיך, ווערן געבילדעט, נעמען לעקציעס פון קלאַוויר־שפּילן, איז געווען מײַן העכסטער אידעאַל. און איך געדענק נאָך, ווי יונג איך בין דעמאָלט געווען, האָב איך שוין בײַ מיר געטראַכט, אַז איך וועל נישט זײַן קיין שטער־גייסט מײַנע קינדער בײַם לערנען! . . .

דער טאטע, דערוויסנדיק זיך פון מיין אנטלויפן קיין יערסליוו צו דער מומע שטערן, מיין מאמעס א שוועסטער, האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז איך וועל מיך פאַרשרייבן דאָרט אין א שול, און איז טאַקע באַלד נאָך מיר געפאָרן און געבעטן מיט גוטן און בייזן און צו מיר געזאָגט:

— וואָס טויג דיר יערסליוו... שמערסליוו... די קענסט זייער גוט א חשבון פירן, וועסטו קענען זיין מיין רעכטע האַנט ביים מסחר און בעת־מעשה קענען לערנען ביים שקאָלע־דירעקטאָר שטיטענשטשיקע־וויטש און איך וועל דיר שענקען דעם גרויסן פּאָרטעפּיאַן־קאַסטן, וואָס דער סענדזשע קראַפּט האָט איבערגעלאָזט און ער שטייט אויף דעם שפּייכלער־בוידעם. און געלט וועל איך דיר געבן וויפיל דו ווילסט. זאָלסט דיר קויפן אן אמתדיקן פּאָטעפּיאַן ווי דיין חברטע יולטשע, דער דאָקטאָר רייס׳ס טאָכטער האָט!... ווייסט הינדזשע, די מאַמע זאָגט, אַז דאָס בין איך אליין אין אלעמען שולדיק, ווייל איך האָב דיך צע־פּיעשטשעט. קום, איך בעט דיך, לאָמיר פאָרן אהיים. און אפשר ווילסטו, וועלן מיר גיין צום רבין בנום־מענדל, ער זאָל דיך בענטשן, אַז דו זאָלסט האָרכן טאַטע־מאַמע...

איך האָב נישט איינגעוויליקט אויף דעם טאַטנס פּראָיעקט צו גיין מיט אים צום רבין ר׳ בנום־מענדל און איך האָב אויך בשום־אופן נישט געוואָלט מיט אים אהיים פאָרן. מיר האָבן זיך געאַמפּערט אַזוי לאַנג ביז וואַנען דעם טאַטנס קול איז מיר פאָרגעקומען וויינענדיק. און בעת איך האָב מיין בליק געוואַנדט אויף מיין טאַטן און כ׳האָב דערזען טרערן אַראָפּקייקלען זיך פון זיינע אויגן און דערזען זיין פאַרענדערט פּנים, כמעט אש־גרוי, האָב איך, גערירט פון זיינע טרערן, אויך אָנגעהויבן צו וויינען. קושנדיק זיינע אויסגעהאָרעוועטע הענט, האָב איך צוגעזאָגט אים אהיים צו פאָרן. דער טאַטע האָט אין די יונגע יאָרן שווער געאַרבעט, ער פלעגט מעסטן די פּויערים אום „פּשעדנאָוועק״ פאַרשידענע תבואות מיטן האָלצערנעם „פּערטל״ פון 25 קילאָגראַם, וואָס האָט אויסגעזען באַלד ווי א קליין פּעסעלע, פון אויבן מיט צוויי אייזנס, געלייגט ווי א קרייז. אַזוי האָט ער געקענט טעגלעך אויסמעסטן, שטייענדיק אין שטויב, איבער הונדערט פּערטל.

איך הייב אָן לערנען פּריוואַט

זייט דעם האָב איך שוין מיין פּלאַן מיט יערסליוו אויפגעגעבן. אָבער לערנען פּריוואַט האָט מען מיר נישט געשטערט. איך האָב אָנ־געהויבן לערנען פראַנצויזיש ביי א געוויסן לערער גליק. איך האָב

געקויפט מיר א ביכל און האָב קוים באוויזן מיך אויסצולערנען אביסל לעזן און שרייבן פראנצויזיש. בעת איך האָב שוין געקענט צוזאמענשטעלן די פּאָר ווערטער און בעטן די מאמע אין פראנצויזיש זי זאָל מיר קויפן א היטעלע, איז דער לערער אוועק און דאָס ביכל איז געבליבן ליגן אויפן בוידעם.

איך ווער מיין טאטנס „רעכטע האנט"

איצט בין איך שוין געווען מיין טאטנס רעכטע האנט, אבטונג געגעבן ביים מישן די תבואה, זי זאָל נישט קאליע ווערן, געגאנגען צו דער „זביאָרקע" אין סטאָדאָלע אריין און געזען די „זמלאָצקעס" זאָלן אהיים ברענגען די אויסגעדראָשענע תבואה פון די אייגענע פעלדער, געציילט די קאָרצעס אויף די וועגן בעתן ארויסגעבן די פולע זעק צו דער באַן. סיי זומער, סיי ווינטער, גאנצע טעג, האָב איך פארברענגט אין די שפּייכלערס. איך דערמאָן מיך, ווי איך האָב מיך פארשעמט איינמאָל שטייענדיק אין שפּייכלער מיט דער שאַל אויפן קאָפּ א פארשטויבטע, די ליפּן און די נאָז־לעכער שווארץ ווי סאַדזע. ס'איז דעמאָלט גראָד צו דער „איבערנאמע" פון א וואָגן קאָרן גע־קומען א זון פון א יערסליוער סוחר, אַן אויסגעפּוצטער, שיינער, און ווי עס האָט זיך מיר דעמאָלט אויסגעדאכט אינטעליגענטער בחור, אפשר גאָר מיט אקאדעמישער בילדונג. אראָפּלאָזנדיק די אויגן צו דער ערד, האָב איך ביי מיר געטראכט, ווי אנדערש וואָלט אויסגעזען די טאָכטער פון דעם גרויסן נגיד יוסף ראָזנבלאט, וואָס האָט אַן אייגן גוט מיכאַלוווקע, ווען זי וואָלט געווען געבליבן אין יערסליוו. און א צווייט מאָל האָט מיט מיר געטראָפן, גייענדיק צו דער „זביאָרקע" אין סטאָדאָלע אריין, עפּעס אנדערש. איך האָב דעמאָלט מאכלען, דער יידענע, וואָס איז געשטאנען פון אין דער פרי אָן ביי די „מלוצערס" און אכטונג געגעבן, געברענגט א קריגל הייסע קאווע מיט צוויי ראָגלעס צום אָנבייסן. פּלוצלינג איז מיר דאמאָלס אנטקעגנגעקומען דער וועג־אינזשיניער, וואָס האָט געוווינט קעגנאיבער און ער האָט זיך מיר פּאָרגעשטעלט. זאָגנדיק צו מיר „כ'ווייס, אז דו ביזט די טאָכטער פון דעם גוט־באזיצער ראָזנבלאט". זייט דעמאָלט האָט ער מיך בא־גריסט. דער אינזשיניער איז איינמאָל צו אונדז אריינגעקומען, ווען ער האָט זיך אומגעקערט מיט זיין פערד־און־וועגעלע פון מיכאַלוווקע. ס'איז געווען צען א זייגער אינדערפרי און מיר אלע זענען געזעסן ביים טיש און געגעסן ווארעמעס, א יויך מיט געשניטענע גרייפּלעך.

איך געדענק נאָך היינט ווי דער אינזשיניער האָט זיך פארחידושט און געפרעגט:

— שוין מיטאָג? . . . אזוי פרי? . . .

איך האָב מיך זייער פארשעמט. דער וועג־אינזשיניער האָט דאָס אוודאי באמערקט און ווען ער האָט מיך שפּעטער געטראָפן, האָט ער מיך געפרעגט:

— איז דאָס מיטאָג שוין פארטיק? . . .

מאכלע . . .

מאכלע איז געווען אן אמתער טיפּ פון אן אלט־פארצייטישער יידענע, דאָס פּנים שוין צעאקערט, פול מיט קנייטשן, פון דער בריל אירער זענען נאָכגעהאָנגגען צוויי לאנגע שווארצע בענדלעך. מיט דעם קרבן־מנחה־סידור אונטערן אָרעם און א גרויסער שאל איבער דעם פויערישן קאָזשוך, צוגעבונדן מיט א שטרויענער „פּערוועסלע”, האָט זי אויסגעזען ווי אן אלטע פויערטע. אזוי פלעגט זי אום ווינטער שטיין אין סטאָדאָלע, אכטונג געבן ביים ארויסציילן אנדערהאלבן שאָק תבואה צום דרעשן און דאווענען כסדר כמעט פון אויסנווייניק.

מאכלע מיט איר מאן אפרים, אויך שוין אן אלטער ייד, האָבן געהאט אן אייגן הייזל מיט א שטרויענעם דאך, א גרויסן גאָרטן, נישט ווייט פון אונזער סטאָדאָלע. ביי מאכלען אין שטוב איז געווען אלעס ווייס ווי קרייד. זי האָט אליין אליין געריבן מיט א שטרויענעם וויעכיטש און מיט זאמד. אין איר גאָרטן איז געווען פון כל־המינים־שהוא. אין די זונטיקן האָט גאנץ רעדים ביי איר געקויפט גרינצייג און טאָמער האָט ווער געוואגט אייז גרעזל אָפּצורייסן, אָדער צו טרעטן אויף א בייט, איז זי געוואָרן מלא־כעס. מיט מיר האָט זי גוט געלעבט. ווען איך בין צו איר געקומען עפּעס קויפן, בין איך איר נישט נאָכגע־גאנגען אין גאָרטן אריין. דערפאר האָט זי מיר אויסגעקליבן די שענסטע קאָקורידזעס. איר גאָרטן איז געווען אויסערגעוויינטלעך גוט געפלעגט, קיין איינציק איבעריק גרעזלע, יעדעס סטעזשקעלע ריין אויסגעפּוצט, ביי די זייטן פון די סטעזשקעס זענען געוואקסן אפילו בלומען. און דאָס אליין האָט זי פאראַרבעט מיט אירע אויסגעהאָרעוועטע אלטע הענט.

מאכלע רעדט מיר א שידוך

— ווייסט . . . — האָט זי זיך איינמאָל צו מיר אָנגערופן — דו

ביסט א שיין מיידעלע. דו געפעלסט. ביזט אפילו געפעלן דעם „דראַ־גאָמיסטזש”... דער טאטע דיינער וואָלט שוין מיט דיר באדארפט א שידוך טון...

דערהערנדיק פון מאכלעס מויל די דאָזיקע ווערטער, האָב איך אראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד און מער שוין נישט געוואָלט קוקן אין איר שטח אריין. זי איז מיר איצט פאָרגעקומען מיט אירע ברילן, מיט די שווארצע צוגעקנופּטע שיך־בענדלעך צו די דראָטענע האָלאָב־ליעס, מיט דער ברייט־פלאטשיקער נאָז, מיט דעם שווארצן בלעטערל אויף דער אונטערשטער ליפּ, ווי א מכשפה, הגם פריער האָב איך ביי איר דאָס אלץ אזוי בולט נישט באמערקט.

שידוכים, שידוכים...

כ׳ווייס נישט צי איז אין דעם די אלטע יידענע מאכלע טאקע אויף אן אמת שולדיק געווען, אָבער זייט דעמאָלט ווען זי האָט מיר געזאָגט די פּאָר ווערטער, האָבן די שדכנים ביי אונז געטאָגט און גענעכטיקט און דווקא נאָר מיר גערעדט שידוכים, כאָטש מיינס א ברודער איז געווען מיט א פּאָר יאָר עלטער פון מיר. איינמאָל, ארייננקומענדיק פון שפּייכלער, האָב איך נאָך באוויזן צו דערהערן דעם טאטנס רייד:

— יאָ, כ׳קען תיכף ביילייגן דעם נדן און אפילו אין צוויי וואָכן חתונה מאכן... דערהערנדיק דעם טאטנס ד׳עציזיע צו ווען מיך באלד פארקנסן, בין איך שוין נישט אריינגעגאנגען אין שטוב, נאָר פאר־קערעוועט צו דער קינדער־שטוב. נישט קענענדיק איינהאלטן די טרערן, וואָס האָבן מיר געשטיקט אין האלז, האָב איך ארויסגע־פּלאצט מיט א הויך געוויין. אלט בין איך דאמאָלס געווען אפשר עלף יאָר און פלעג מיך נאָך אוועקכאפּן צו מיינע קאָלעזשאנקעס, קיינער זאָל נישט זען, און שפּילן „קאמער־קאמער־הויז”. נישט געקוקט וואָס דער פּאָטער מיינער האָט כמעט די גאנצע צייט פון מיינע קינדער־יאָרן אויסגענוצט מיך פאר זיך צום מסחר, האָב איך בגנבה, אויך די מוטער זאָל נישט זען, מיר געליגן דייטשע און פּוילישע ביכער און געלערנט ביינאכט אין בעט ביי א חלבן ליכטל. און איצט מיטאמאָל נא־דיר אזא סטראשידלע ווי חתונה האָבן! פאָרשטעלנדיק זיך מיין מאן מיט א באָרד און לאנגע פּאות און מיך אין א שייטל, אנשטאָט מיינע שיינע לאנגע בלאָנדע צעפּ, האָב איך פארבראָכן די הענט און כסדר באוויינט מיינע פארלוירענע חלומות און מיין אידעאל צו באזיצן העכערע בילדונג און איבערשטייגן מיינע חברטעס.

אין יעדן שדכן האָב איך געזען מיינס א שונא. אויך האָב איך זיי אויסגעמיטן, די שדכנים, נישט געקענט אויף זיי קוקן. איין שדכן איציק פיפעק פון פשעמיש האָט תמיד געברענגט א פולע קעשענע מיט שידוכים. די מאמע האָט אים זייער שיין אויפגענומען מיט שטארקן בראָנפן און א בולבעניקל צוצובייסן און אים אויסגעפרעגט אויף א שידוך. נאָך א גליק, וואָס דער טאטע איז געווען פארטון אין מסחר און קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט, אזיסט וואָלט איך ביי צוועלף יאָר שוין זיכער א כלה געוואָרן, ווייל די מאמע האָט איינגעלייגט וועלטן. ווען ס׳פלעגן קומען מחותנים האָט זי מיך געבעטן איך זאָל מיך שיין אָנטון און אריינקומען און מיך לאָזן פארהערן אין שרייבן יידיש, פויליש, דייטש. דער שדכן איציק פיפעק, א רויטער, מיט א ווייס־געסקלארעוועט לבנה־פנים, די בלוילעכע אויגן זיינע שטענדיק לאכנדיק, מחמת הנאה האָבן פון זיך אליין, — אָט דאָס ברייט־פלייציקע יידל מיט דעם לאנגען גוף און קורצע פיס, וואָס האָט אויסגעזען ווי א בולבע, — האָט מיך נישט געאַרט. ער איז געווען א פוילער, קיינמאָל נישט צודרינגלעך. איך האָב געקענט אים באלד ארויסנארן פון שטוב און איינרעדן אים ער זאָל גיין צו מיין חברטע שיינדעלע, דאָרט וועט ער אויך באקומען א גוטע אויפנאמע און געלט אויף הוצאות. האָט ער מיך תיכף געהאָרכט און אָנגעטון צוריק זיין שווארצע בעקעשע מיט די לאנגע קרומע זייטן־קעשענעס, וואָס פון איינער האָט ארויסגעהאָנגען א קאָלירט־פארטאביקטע נאָז־פארטשיילע און פון דער צווייטער א גרין קוואסטל פון א פייקע־ציביק און א לאָז געטון זיך צו אנדערע באלעבאטים רעדן שידוכים. אָבער פון אנדערע שדכנים האָב איך געהאַט אויסצושטיין גרויסע צרות. איינער פון זיי, וועלנדיק זיך אונטערחנפענען דעם טאטן, האָט מיך פארמסרט, אז איך גיי ארויס אויף דער זון און וועל באקומען זומער־שפרענקעלעך אויפן פנים און דאָס וועט דעם טאטן טייערער קאָסטן...

פישל קוילעטש, דער שדכן פון
נעמיראָוו...

איינער טאקע, א רעדימער, וואָס האָט חתונה געהאַט קיין נעמיראָוו, נישט פון בארוף א שדכן, פישל קוילעטש, האָט מען אים גערופן, פלעגט קומען קיין רעדים קויפן פלאקס און אינאיינוועגס גערעדט מיר א שידוך פון נעמיראָוו מיט דעם גרעסטן נגידס א זון און דעם טאטן

זייער שטארק צוגערעדט צו דעם שידוך: ס'טייטש אזא גרויסער נגיד און אזא שיינע משפּחה און איר האַלט אייך נאָך צוריק?

די עלטערן האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכצופרעגן אויף דעם שידוך. דער מחותן האָט געהייסן אליעזר שטאָרך. דאָס איז געווען זייער א קארגע מישפּחה, אָבער דאָס וואָלט נישט אויסגעמאכט. נאָר ווען דער טאטע האָט דערהערט, אז דער זון הייסט יאָסל, אזוויווי ער אליין, האָט ער שוין נישט געוואָלט הערן און געדענקען פון גאָרנישט און דעם שרכן געמאכט א שווארצן סוף פארוואָס ער, א רעדימער, האָט גע־קענט אָנשלאָגן אזא שידוך. און איך האָב אוודאי נישט באדויערט אויפן שידוך אפילו איך האָב דעם חתן נאָך נישט געזען.

„באָקסער" — א דריטער שדכן . . .

און אָט איידער מען קוקט זיך אום, איז שוין אויפגעשווומען א דריטער שדכן, א לאנגער ייד מיט קורצזיכטיקע אויגן. יעדעס מאָל ווען ער האָט געוואָלט געבן א קוק אויף מיר, האָט ער אָנגעהויבן צו ווישן די ברילן און זיך מיט זיין לאנגען גוף אָנגעהויבן צו דרייען אויף אלע זייטן, אזוי גיך און ווילד, אז איך האָב געמוזט לאכן. טיילמאָל, ווען ער איז אריינגעלאָפן אין דער מיטל־שטוב, האָט ער מיט זיין קאָפּ אָנגעשלאָגן זיך אין דעם הענגל־לייכטער, אזוי לאנג איז ער גע־ווען. מען האָט אים טאקע צוליב דעם גערופן „באָקסער". אָ דער שדכן האָט זיך מיר שוין גוט איינגעקריצט אין זכרון! ער האָט געארבעט אויף קעסל און כלים, געפּאָרן, געלאָפן, געשריבן, טעלעגראפירט — אָ, יעדנס וויסן. ער האָט אונז פארנארט קיין פּשעמיש, צוערשט דעם פּאָטער און דערנאָך דעפּעשירט נאָך מיר מיט דער מאמען און אונ־טערגעשריבן דעם טאטן. נו, זאָלט איר מיך גאָרנישט פרעגן, וואָס פארא צרות מיין מאמע האָט נעבעך געהאט פון מיר ביז זי האָט מיך באוויגן צום פאָרן. זי האָט מיך געבעטן מיט גוטן און מיט בייזן, געקושט מיך, געוויינט: וואָס באַּעקשנסטו זיך נישט? מענטשן זענען געקומען אזש פון גאָרליץ, זאָלן מיר זיי פארשעמען? כ'בעט דעך, זיי שוין נישט אזוי איינגעשפּארט, ביזטאָך שוין א דערוואקסן מיידל . . . די טרערן האָבן זיך איר געגאָסן פון די אויגן. אָט די טרערן האָבן געהאָלפן און איך בין מיטגעפאָרן. קומענדיק מיט דער מאמען אויף דער סטאציע און טרעפנדיק דאָרט באקאנטע, האָט זיך מיר אויסגע־וויזן, אז זיי אלע ווייסן וועגן וואָס איך פאָר און ס'האָט זיך מיר געביטן די פארב אין פּנים פאר בושה.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין פּשעמיש צו די גוטס, דאָרט האָט געזאָלט פּאָרקומען דער „באַשוי", לאָזט זיך אויס, אַז די גאָרליצער זענען נישט געקומען. עס האָט זיך דאָרט געטון אויף טיש און אויף בענק. אומזיסט אונזער טרחה. איך האָב געהאַט אַ גרויסע הנאה פון דעם שדכנס צרות, דער טאַטע בייזערט זיך אויף אים, וואָס ער האָט אונז אַלע אַרויסגעפירט אויף דעם אייז טאַנצן און זאָגט, אַז ער וועט אים שוין מער נישט גלויבן. מיינט איר, אַז דער ווילדער שדכן האָט שוין אָפּגעהאַקט פון דעם שידוך, זענט איר אייך שטאַרק טועה. ער האָט אויפסניי אָנגעהויבן צו קלאַפּן און בלאָזן, ביז ער האָט אַ גאַנצן עולם — טאַטע, מאַמע, זיידע, באָבע מיט דעם בחור — אַראָפּגעבראַכט צו אונז אַהיים, און די אַקציע פון באַשוי און דורכשמועס אויסגעפירט מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין דרייסטקייט.

דער ערשטער „באַשוי"

געווען איז דאָס אין אַ שיינעם, הייסן זומער־טאָג, מיר דאַכט זיך, אַז אום חודש יוני, זייגער אַכט פאַרנאַכט, עס איז נאָך געווען גענוג העל. שטיי איך אַזוי ביים אָפֿענעם פענסטער מיט אַ צווייגל יאַשמין אין דער האַנט, באַגייסטערט פון דער נאַטור. איך אָטעם אַריין דעם שאַרפן ריח פון יאַשמין און בין פאַרשיכורט פון די כלערליי אַריינדרינגענדיקע דורכן פענסטער פרילינגס־אַראָמאַטן. פּלוצים דערזע איך דעם „באָקסער" פירן דעם גאַנצן עולם צו אונז. איך פאַרמאַך גיך דאָס פענסטער און אַנטלויף שנעל אין אונזער קינדער־שטוב, פון וואַנען איך פאַרנעם דעם גאַנצן טומל. מען צינדט אָן דעם גרויסן לאָמפּ און די ליכט אין דעם ענגל־לייכטער, מען פאַרשפּרייט די שבתדיקע גרינע קאַשמיער־דעקן מיט די גאָלד־געשטיקטע שימערירנדע בלומען און נאָכהענגענדיקע גאָלד־טראָלדן און מען לייגט אַ טישטוך, וואָס איז פונקט פון דער זעלבער סחורה ווי די דעקן, אויף דעם ברייטן אַרויס־רוק־טיש. מען נעמט אויף די געסט און מען רופט מיך אַריין. צוערשט האָב איך געגעבן אַ בליק צום פענסטער, צי מיינע חברטעס קוקן נישט אַריין דורך די אַראָפּגעלאָזטע ראָלעטן פון דער אַנדערער זייט פענסטער און דערנאָך אַ פאַרשעמטע אַ בליק געגעבן אויף דעם בחור, וואָס איז געשטאַנען און געשמועסט מיט מיין ברודער. דערזעענדיק אַ בלאַס, כמעט קרענקלעך אויסזעענדיק פּנים מיט אַ שוין גענוג גרויסער געקרייזלטער שוואַרצער באָרד, האָט דער בחור דעמאָלט אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ באַלעבעסל. מער האָב איך שוין אויף אים

נישט געקוקט, נאָר געלויישט אין וואָס פארא שפּראַך ער האָט געפירט מיט מיין ברודער די קאָנווערסאציע. מיט מיר האָט גערעדט דעם בחורס מוטער און מיר געקוקט אין מויל אריין, צי איך האָב נישט קיין פרעמדע ציין און פרעמדע פארב און קינסטלעכע אויגן און מיך געבעטן איך זאָל איר אויפפלאָנטערן א מאָטיקל פארקנופּטן זייד. זי האָט מיך אפנים געוואָלט אויספּרווון, צי איך בין א בייזע.

און די יאָרן זענען געלאָפן

איך האָב גאָט געדאנקט ווען זיי זענען שוין אוועקגעפאָרן, נישט מאכנדיק א „וואָרט". ווי איך האָב געהערט איז מיין טאטן דאָס קרענקלעכע אויסזען פון בחור געווען פארדעכטיק. ער האָט שוין אויפסניי אויפגענומען א פרישן שידוך. אין צווישן זענען די יאָרן געלאָפן מיט פארשידענע נישט־צושטאנד געקומענע שידוכים און מיין מוטער נעבעך האָט געהאט דערפון גרויסע צרות. זי האָט מיך שוין געוואָלט פארשלייערן. זי איז טאקע געווען א גוטע, א פרומע און א גרויסע צנועה.

א פארמעסט צו פאָרן קיין יערסליוו
אין טעאטער

דאָס איז געשען איינמאָל אין זייער א שיינעם פראָסטיקן פארנאכט. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס, דאָס גאנצע שטעטל: די הייזער, די דעכער, די ביימער, זענען געווען אָנגעטון אין ווייסן. פון די דעכער האָבן נאָכגעהאָנגען קרישטאָלענע צאָמפּלעס, וואָס זענען איבערגעבליבן פון דער נאָכמיטאָג־זון. דער הימל האָט געבלענדט מיט זיינע בלישטשנדיקע שטערן אין זיין גאנצער מאיעסטעטישער פּראכט. די גאנצע נאטור האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך געגרייט אויף א גרויסן באַל. אויך מיר איז געווען פריילעך און גוט אויפן הארצן. נאָך נישט קיין כלה! פריי! קומט צו מיר מיינס א חברטע און פּראָ־פּאָנירט מיר, מיר זאָלן פאָרן קיין יערסליוו אין טעאטער, עס שפּילט זייער א שיין שטיק. דער יידישער זשאָנצע פון דאָרף אָסטראָוו שטעלט צו צו אונזער פארפיגונג אן אויסערגעווינטלעך־שיינעם שליטן מיט פּראכטפולע שיינע פערד. נישט לאָזנדיק זיך לאנג בעטן, בין איך צו־געגאנגען צו דער הויז־שאפע, כדי ארויסצונעמען דעם ווינטער־מאנטל, קיינער זאָל נישט זען און דערביי, ווי אויף צולהכעיס, איבערגעקערט א פלאַש יאמייקא ראָם. נישט קוקנדיק אויף דער פּאסירונג, בין איך

פונדעסטוועגן אוועק צו מיין חברטע. דאָרט ביי מיין חברטע לעבן הויז האָבן נאָך געוואַרט עטלעכע מיידלעך אין מיינע יאָרן און דער זשאַנצע, שטייענדיק ביים שליטן האָט אָנגעזאָגט דעם פורמאַן, ער זאָל אויף אונז וואַרטן אין יערסליוו ביז וואַנען מיר וועלן זיך אומ־קערן פון טעאַטער און אין צווישן־צייט פאַרפאָרן מיט די פערד און שליטן אין אַן אַריינפאָר־הויז. פּלוצים, ווי מיר גרייטן זיך שוין אין וועג אריין, קומט בליץ־שנעל אָן מיין מאַמע און אָנכאַפּנדיק מיך מיט ביידע הענט ביי אַן אַרבל שלעפּט זי מיך אַהיים. זי שרייט אויף מיר אַזוי הויך, אַז אַלע זאָלן הערן. אַזאַ מוידעשטשע, האָט אַ העזה אָן טאַטע־מאַמעס וויסן צו וועלן זיך שליטלען! און טאַקע איבער דעם גאַנצן וועג אַהיים האָט זי מיך באַלייגט מיט ווערטער ווי: דו זולל־וסובאַניצע! אַזאַ פאַרשייטע מויד! איצט גייט מען שלאָפן, גייט זי גאָר פאָרן שפּאַצירן! ווען זי וואָלט נאָך געווען געוווסט, אַז איך האָב מיך פאַרמאָסטן צו פאָרן אין טעאַטער? . . . מיט אַראָפּגע־לאָזטע אויגן פון חרטה בין איך מיט דער מאַמען אַהיים געגאַנגען, שוין אַליין טראַכטנדיק, אַז איך בין מיט מיין וועלן פאָרן באַגאַנגען גאָט ווייסט וואָס פאַראַ פאַרברעכן.

איך האָב אַ לאַנגע צייט נישט געקענט פאַרגעסן די גרויסע חרפּה, וואָס מיין מאַמע האָט מיר אָנגעטון און פאַר מיינע חברטעס זיך נישט געוויזן אַ גאָר לאַנגע צייט, ביז איינע פון מיינע חברטעס איז די ערשטע צו מיר געקומען. אפשר איז די מאַמע גערעכט געווען? איך וואָלט פאַר מיין אייניקל, אַ מיידל, אויך מורא געהאַט. איין חברטע מיינע האָט מיר אפילו דעמאָלט געזאָגט: דיין טאַטע וואָלט זיך גע־דאַרפט גטן מיט דיין מאַמען פאַר דעם וואָס זי האָט דיך אַזוי פאַר־שעמט פאַר אַזויפיל מענטשן! מיין מאַמע האָט אָבער קיינעם אין דער היים גאָר נישט דערציילט, און איך אוודאי נישט. איך בין שוין שפּעטער געווען איבערצייגט, אַז די מאַמע איז דאָך גערעכט געווען. ווען עס פלעגט שפּילן אין רעדים אַן אַמאַטאָריש טעאַטער האָט דער טאַטע מיר אַליין אויסגעקויפט אַ בילעט און געוואַרט אויף מיר ביז איך בין אַהיים געקומען, כדי מיך אויסצו־פרעגן, צי עס איז מיר געפעלן.

מיין זיידע משה, מיין טאַטנס טאַטע

איך וואָלט אייך איצט, מיינע ליבע קינדער, וועלן עפּעס דערציילן פון מיין זיידן, אייער עלטער־זיידן משה, מיין טאַטנס פאָטער. מיין



איינע פון די פיר הייזער-רייען פון קוואַדראַטנעם רינגפּלאַץ אין רעדים. אין הינטערגרונט דער קאַטוילישער קלויסטער, געבויט אין אָנהויב פון 18טן יאָר-הונדערט. דאָס גרויסע הויז פון פאָרנט, דאָס גרעסטע אין שטעטל, די „קאַמעניצע'', האָט באַלאַנגט צום זיידן, יאָסעלע ראָזענפּלאַט; אין הויז האָט געוווינט כמעט די גאַנצע משפחה, אויך אונזערע טאַטע-מאַמע זינט 1902 ביזן סוף. דער זיידע האָט געוווינט אין זיין אוראַלטן הויז מיט דער פּאטשעגנע. דאָס בילד איז גענומען אין יאָר 1920. די חורבות לינקס — איבערבלייבענישן פון דער מלחמה 1914-1918.

באָבע סימע, דאָס ערשטע ווייב דעם זיידנס, האָב איך נישט געקענט. זי איז געווען א האַרץ־ליידנדע און איז יונג געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק נאָר פיר קינדער. דריי טעכטער און איין זון, יאָסל, מיין פאָטער. (איך זאָג „נאָר פיר", ווייל מיין מאמע האָט געבוירן פערצן קינדער און דעם טאטנס א שוועסטער, חיה־שרה, אכצן, דערונטער צוויי צווילינגען.) מיין זיידע משה ראָזנבלאט איז געווען גאַנץ דער היפוך פון מיין פאָטער. מיין טאטע האָט זיך געהאלטן פאר א שוואך־ברוסטיקן. אין די יונגע יאָרן איז ער געפאָרן אויף קוראציע. ער האָט אין די יונגע יאָרן שווער געארבעט, געשטאנען גאנצע טעג אין שטויב, אזוי האָט ער דערציילט, און איצט האָט ער א שוואכע ברוסט. ער פלעגט טרינקען זייער שוואכע טיי און אָנגערופן זי „וואסער־טיי". ביי זיין בעט האָבן געמוזט שטיין עטלעכע פאָר שטיוול, אלטע און נייע, און אויך א צוויי־דריי פאָר פילץ־באָטשן, אויך אזעלכע לאנגע, ווי די לעדערנע שטיוול. ביים אָנטון זיי, פלעגט ער עטלעכע מאָל מעסטן אהין און צוריק, כדי זיי זאָלן אים נישט קוועטשן. ווען ער האָט געהאט עגמת־נפש, האָט ער שטענדיק ליב געהאט צו זאָגן „כ'וויקל מיר איין דאָס האַרץ און מאַך מיר נישט דערפון". אָבער דער זיידע משה איז געווען א „בראט". תמיד אין א גוטער שטימונג, ליב געהאט מיט א חברה צו פארברענגען און פונדעווען ווייַן, אָדער ביר. ער אליין האָט אויך געקענט טרינקען עטלעכע גלעזער וויין און אויך ביר דערצו. איך לאַך ווען איך דערמאָן מיך ווי מיין טאטע האָט נאָך אַן עסן, אָדער אין א הייסן טאָג, געשיקט פאר זיינעטוועגן נאָך אַן אכטל ליטער ביר, האָט ער עס ערשט געטרינקען טראָפּן־ווייז און דאָס מיט הפסקות צו עטלעכע מינוט. דער זיידע משה איז געווען א גאנצער „סטאַווע־נאָגע" און טאקע א געזונטער. מיט ברייטע פּלייצעס און גרויסע אָנ־זעעוודיקע הענט, מיט א שמחת־תורה־פּנים. ער איז געווען שטענדיק פריילעך און גרייט יענעם א טובה צו טון און ער האָט געהאט א טבע כמעט צו יעדן זאַץ זיינעם צו פּאַטאקעווען מיט דעם וואָרט „טאקיש־טאקיש". די טראכט זיינע איז געווען נישט קיין סך אנדערש ווי ביי היינטיקע אזעלכע יידן, ווי ער איז געווען. יעדעס מלבוש איז ביי אים געווען ארומגענומען מיט א ברייטן גארטל. אויך דער גאנג זיינער איז געווען א ברייטער, א זיכערער. ער האָט געהאלטן אין האנט תמיד א שיינע ביינערנע טאבאקערקע און שטענדיק איז ער גרייט געווען מכבר צו זיין יעדן מיט א שמעק טאביק.

מיין זיידע נעמט מיך קיין פשעמיש
אויף אן אויסשטעלונג

מיין זיידע איז טשיקאווע געווען אלץ צו זען און, ווען איך בין נאָך קליין געווען, האָט ער מיך מיטגענומען אויף דער גרויסער אויס־שטעלונג קיין פשעמיש. (הגם דער טאטע. א יונגער מענש, איז נישט געפאָרן). אָנקומענדיק קיין פשעמיש א זייגער אכט אינדערפרי, איז דער זיידע מיט מיר אריינגעגאנגען אין א שענק און באשטעלט צוויי גרויסע פּאָרציעס הייסע פיש, פאר זיך און פאר מיר. איך האָב נאָך אזוי פרי נישט געקענט עסן און מער קאליע געמאכט און דער זיידע האָט מיך געמינטערט: עס, עס, דו וועסט זיין הונגעריק, ארומ־דרייענדיק זיך א גאנצן טאָג אויף דער אויסשטעלונג. דער זיידע האָט נאָך די פיש געטרונקען א קליין קעלישקעלע בראָנפן און דערנאָך א האלבע ביר און, נעמענדיק זיין גרויסע ראנץ אין דער האנט, צו מיר געזאָגט:

— קום לאָמיר גיין, עס וועט זיין שפּעט! . . .

איך האָב אויך מיטגענומען מיינס א קאָלעזשאנקע, דינטשע מאָהל פון רעדים. מיין שול־קאָלעזשאנקע האָט מיך שוין אָפּגעוואָרט ביים אריינגאנג פון דער אויסשטעלונג. מיר האָבן זיך אָנגענומען פאר די הענט און מארשירט צוזאמען מיט דעם זיידן, באטראכטנדיק אלע מערקווירדיקייטן: ווי די פארשידענע נייע אויפגעקומענע מאשינען. אממיינסטן האָט מיך פאראינטערעסירט די זאָקן־מאשין. ביי דער זאָקן־מאשין איז געזעסן א יונג מיידל און געשטריקט טאקע ווי אויף א מאשין. זי האָט די מאַשין נאָר באַרירט מיט די הענט און די זאָקן זענען געוואקסן ווי אויף הייוון. מיר האָט זיך דעמאָלט אויסגעדאכט, אז דאָס מיידל איז א כישוף־מאכערין.

באלד איז אָבער אָנגעקומען דער זיידע, וואָס האָט זיך אינצווישנ־צייט אויסגעזוכט זיינע באקאנטע און באטראכט וויכטיקערע זאכן, ווי אונז ביידע. איך דערמאָן מיך נאָך די הנאה וואָס מיר האָבן זיך פאר־שאפט אויף אייגענער פויסט, קויפנדיק זיך זאָדע־וואסער, און אליין פון די פּאָרטמאָנעטקעס ארויסגענומען דאָס געלט און פאר זיך אליין באצאָלט ביז דער זיידע האָט צו אונז זיך אָנגערופן:

— עס וועט זיין שפּעט צום צוג, לאָמיר גיין. שוין גענוג.

און בינו־לבינו האָט מיר דער זיידע געגעבן זיין לאנגען לעדערנעם ראנץ צו טראָגן, וועלכער האָט אוודאי געוויגן א האלבן צענטן און געווען לענגער פון מיר. איך, אין א בלאָס־בלוי ברעש קליידל, מיט א

שטרויענע פּאַסטערקע אויפן קאָפּ, מיט לאַנגע פּיאָלעטע סאַמעט־בענדלעך נאָכהענגענדיק, און שיינע טיולענע הענטשקעלעך אויף די הענט, האָב מיך אפילו געשעמט, צו גיין לעבן זיידן און האָב מיך געהאַלטן גיכער לעבן מיין קאָלעזשאַנקע, וואָס איז אויך געגאַנגען שיין אָנגעטון. דאָס שלעפּן דעם לאַנגען ראַניץ האָט מיר טאַקע דעמאָלט פאַרשטערט די גאַנצע שמחה. עס איז נאָך געווען געגוג ליכטיק, אין א שיינעם הייסן יולי טאָג, א מענטשן־מעננגע האָט זיך געשיט אהיים, און איך האָב מיט מיין זיידנס טשעמאָדאַן אויפגעווירבלט דעם שטויב. טייל מענטשן האָבן זיך געבייזערט, טייל האָבן געלאַכט. אך, ווי קאָמיש דאָס האָט אויסגעזען . . .

מיין זיידע האָט מיטגעמאַכט א שטראָף
דורך שמייסן

מיין זיידע האָט אויך מיטגעמאַכט א שטראָף דורך שמייסן. דאָס געשעעניש פלעגט מיין פאָטער אָפּט, זייער אָפּט איבערהזרן און דערביי געווען זייער אויפגערעגט, ווייל ער האָט געהאַט תרעומות צו א חשובן באַלעבאָס פון שטעטל. דעם באַלעבאָס האָב איך אויך געקענט. ער האָט נאָך אין רעדים אן אייניקל: מ. ב. דער ייד איז געווען אין יענער צייט דער כלומרשט אינטעליגענטסטער און מחמת זיין גאווה, דער פאַרכטיקער האַר אין רעדים. מיט די שטאָטישע באַלעבאַטים זיך נישט צונויפגעקומען און יעדער, וואָס איז צו אים אריינגעקומען אין שטוב, קריסט אָדער ייד, געשעפטלעך אָדער אמטלעך, האָט געמוזט האַלטן דאָס היטל אין דער האַנט. ער איז נישט געווען אַזוי רייך, ווי שטאָלץ. זיין משפחה האָט זיך מיינסטנס געחברט מיט דער יידישער אינטעלי־גענץ, אויב זי האָט בשעתו עקזיסטירט. ער האָט געהאַט איבעראַל דעם ערשטן צוטריט. הן צו פאַרשידענע געשעפטן. הן צו ערן־טיטולן. געווען איז ער אויך א ראַרניק. דערביי איז ער אויך געווען זייער א שיינער טיפּ פון א ייד, טונקל־בלויע אויגן, כמעט ווי שוואַרץ, מיט א שיינער שוואַרצער באָרד און אן עכט סעמיטישער נאָז. אָבער דער שמייכל זיינער פון אונטער די לאַנגע וויעס האָט אזוי פאַרשמיצט און שטאָלץ זיך איבער זיין שיין פּנים צעלייגט, אז שטענדיק שטייענדיק לעבן אים פון דער נאָענט, האָט מען זיך הינטערווײַלעכץ אוועקגע־שאַרט, נישט וויסנדיק וואָס מיט זיך צו טון — אפשר זיך בוקן פאַר דעם האַר און קעניג? יידן האָבן אים ממש געוויכט. מיין זיידע איז דאָך געווען א „סטאַווע־נאָגע”, האָט זיך אים אמאָל פאַרגלוסט אים

אויסצודינגען די פּראָפּינאַציע און עטלעכע שראַנקעס, האָט שוין דער אָנגעזעענער פּארשוין, דער איידעלער ייד, געטראַכט וויאַזוי מיין זיידן אָנצולערנען, ער זאָל שוין געדענקען אויפן צווייטן מאָל מיט וועמען ער האָט זיך פאַרמאָסטן און אים געוויזן וואָס ער קען טון און ווי מעכטיק ער איז. ער האָט דעם זיידן אָן א פאַרוואָס און א פאַרוועג פאָרגע־לאָדנט אין מאַגיסטראַט אריין. געלאָזט אים פירן דורך צוויי פּאָ־ליציאַנטן איבערן גאַנצן מאַרק און לעבן דער מאַגיסטראַט־טיר געלאָזט אים בינדן. אין געגנוואַרט פון אלע מענטשן האָט מען דעם שטאָלצן זיידן מיינעם אנידערגעלייגט אויף א באַנק און אויף דעם בלויזן לייב ארויפגעלייגט א נאַסע שמוציקע שמאַטע און די פּאָליציי האָט אויף דעם באַפעל פון דעם אָנגעזעענעם פּארשוין, דעם איידעלען ייד, אריינ־געציילט דעם זיידן נישט מער און נישט ווייניקער ווי גאַנצע פיר־און־צוואָנציק שמיץ. מיין טאַטע איז נישט געווען א מענטש פון נקמה נעמען. אָבער די בושה האָט דער טאַטע מיינער דעם בעל־גאוותדיקן ייד קיינמאָל נישט מוחל געווען.

מיין זיידע האָט אויף דער עלטער
חתונה צום צווייטן מאָל . . .

אָבער מיין זיידן האָט פונדעסטוועגן די בושה, וואָס איז אים אָנגע־טון געוואָרן, גאָרנישט געשאַדט. ער האָט ביי זיך נישט פארלוירן זיין פעסטן ווילן און אויך ביים גאַנצן שטעטל נישט אָנגעווירן דעם פריער־דיקן צוטרוי. ער האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן ארבעטער און באַלעבאָס, מיט יעדן גוט זיך פאַרהאַלטן, מיט יעדן געגעסן און געטרונקען, געהאַנדלט און געוואַנדלט, קיינעם נישט פאָרגעצויגן. ווי מיין באָבע סימע, דאָס ערשטע ווייב דעם זיידנס, איז געשטאָרבן, האָט ער באַלד באַוויזן חתונה צו האָבן און טאַקע מיט דער, וואָס ער האָט שוין פון פריער געקענט... זי איז געווען ביי אים אָנגעשטעלט ביי א שראַנקען... נישט ווייט פון דאָבראָמיל און דער זיידע פלעגט צו יענעם שראַנקען מער קומען ווי צו אלע... דאָס צווייטע ווייב דעם זיידנס, מיין שטיף־באָבע האָב איך גוט געקענט. זי איז ערשט גע־שטאָרבן אויף דער פלוכט בשעת דעם וועלט קריג. די באָבע סימע האָב איך נישט געקענט, ווייל איך בין ערשט געבוירן געוואָרן נאָך דער באָבעס טויט. וויל איך טאַקע דערציילן, אז מיין זיידע איז געווען א מבין... אויף יחוס האָט ער נישט געקוקט. דאָס צווייטע ווייב זיינס איז געווען א שניידערס א טאָכטער, די מוטער אירע איז געווען אן

אָרעמע אלמנה. האָט ער טאקע איר מוטער אויך גענומען צו זיך. מיר דאכט זיך, אז אויך מיין שטיף־באָבע איז שוין דעמאָלט געווען אן אלמנה. אָבער שיין און געזונט ווי א מויער איז זי געווען. מיטל־געוואקסן, מיט ברייטע היפטן און א גרויסן בוזים, א וויים־אלבאסטער פּנים, א שיין־געשניצטע נאָז, מיט מאנדל־פּאָרמיקע שווארצע, לאכע־דיקע אויגן און א מויל ווייסע געזונטע ציין. מיט אָט דעם ווייב האָט ער אָנגעהויבן א ניי יונג לעבן, זי האָט אים געבוירן פיר טעכטער און איין זון. ער האָט דאָס צווייטע ווייב מיט די קינדער גוט פארזאָרגט, איבערגעלאָזט עטלעכע הייזער מיט גערטנער און זייער א סך פעלדער. די קינדער פון ערשטן ווייב האָט ער גאָרנישט איבערגעלאָזט, טענהנ־דיק, אז ער דארף ליבערש פארזאָרגן מינדעריעריקע קינדער:

— טאקיש אזוי וועל עך טון, ווייל טאקיש אזוי דארף זיין . . .

## מיין זיידנס דריי־פּראָנטיק איינפּאָר הויז

פון אן אייגן גרויס דריי־פּראָנטיק איינפאָר־הויז, געדענק איך, האָט מיין זיידע געהאט גרויסע, זייער גרויסע צרות. דאָס איז געווען אן עק־הויז און האָט זיך געצויגן פון איין עק שאָסיי ביז צום צווייטן. אין סאמע צענטער אין רינג־פּלאַץ איז געווען א שענק מיט א רעסטאָראַ־ציע און ארום און ארום פארשידענע קראָמען און דאָס איינפאָר־הויז. ווען מען איז אריינגעפאָרן אין דעם רינג־פּלאַץ און אדורכגעפאָרן דאָס איינפאָר־הויז איז מען ארויסגעקומען גלייך אויף דעם שאָסיי, וואָס פירט צו דער באַן. אזא אָרט פאסאזש אין א הויז. ווען איך פלעג דאָ אמאָל דורכגיין האָט זיך פון דאָ געטראָגן א ריח פון מיסט און פון פערד. אָבער דאָס הויז איז געווען א שטיק פרנסה. אין דעם שענק פון עטלעכע שטובן מיט דעם איינפאָר האָט געוווינט א ייד מיט דעם נאָמען שימעלע נאָסבוים. א ייד מיט א ברייטער, צעלייגטער, רויטער, שוין אביסל געזילבערטער באָרד, מיט א לאנגער שפּיציקער הויקערדיקער נאָז, מיט א גראָבן פעטן בויך און שטארק־פליישיקע רויטע הענט. דער ייד טאקע האָט מיט מיין זיידן פארפירט א פּראָצעס, אז דאָס הויז איז גאָר זיין און נישט געוואָלט צאָלן דירה־געלט. איך געדענק, אז ס'האָט געדויערט א לענגערע צייט דער פּראָצעס. איך בין געווען נאָך א קליין קינד, אָבער איך געדענק נאָך די שרעק און פחד, וואָס עס האָט פאראורזאכט דער ייד שימעלע פּראָצעסניק. ער האָט איבערגע־קויפט פרעמדע שקצים, מען זאָל דעם זיידן אין דער נאכט באפאלן

און אויך איבערגעקויפט פון דעם שטעטל סאָקאָלאָוו א סך פאַלשע עדות, זיי זאָלן פאַלש שווערן און עדות־זאָגן, אַז דאָס הויז איז זיינס. די איינוווינער פון דעם שטעטל סאָקאָלאָוו זענען ביז דעם היינטיקן טאָג געבליבן ביים צונאָמען „סאָקאָלאָווער עדות". דאָס הויז טאַקע האָט דער זיידע איבערגעלאָזט זיינע מינדעריעריקע קינדער. די קינדער, שוין דערוואַקסענע, האָבן דאָס הויז שפּעטער פאַרקויפט איינעם, לאָזער בליהער.

די שריפה פון איינפאָר הויז און א
נקמה פאר אמאָל

אָבער דאָס הויז איז געווען שוין שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט. עס איז אין איינעם א ווינטער אין מיטן העלן טאָג אָפּגעברענט געוואָרן. היינט שטייען אויף דעם פּלאַץ גרויסע שטאָקיקע הייזער. דאָס פייער האָט דעמאָלט פאַרשלונגען א האַלבע שטאָט הייזער, איבערלאָזנדיק אָרעמע מענטשן אָן א דאַך איבערן קאָפּ. די טאָכטער פון דעם אייגנ־טימערס הויז, ווו דאָס פייער איז אויסגעבראָכן, איז פאַר שרעק קראַנק געוואָרן. זי איז דעמאָלט געווען ביי אירע עלטערן צו־גאַסט, זי איז שוין געווען א פאַרהייראַטע. פון דעם שרעק איז זי עטלעכע יאָר געווען מעלאַנכאָליש, ביז זי איז פּלוצים געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק צוויי נאָך זייער יונגע זין. דעמאָלט איז טאַקע אויך פאַרברענט גע־וואָרן נאָך אזא איינפאָר־הויז און טאַקע דעם שטאָלצן שיינעם יידס הויז, אָבער ער אליין האָט שוין נישט געלעבט, אָט דער שטאָלצער ייד, וואָס האָט געלאָזט עפנטלעך שמייסן מיין זיידן.

די אדעליקע אלמנה

זיין ווייב, אויך אן איידל־אויסזעענדיקע, א גרויסע הערשערין, מיט פּרעטענסיעס צו יחוס, האָט דעמאָלט נאָך יאָ געלעבט און זי האָט זיך נעבעך געמוזט אַרומוואַלגערן אין פרעמדע געדונגענע דירות. דערצו איז זי שוין געווען פּאַראַליזירט. איר אייניקלס ווייב האָט זי נישט גע־וואָלט האַלטן אפילו פאַר געצאָלטס, כאָטש דאָס אייניקל איז ביי איר אויפגעצויגן געוואָרן. דעם אייניקלס ווייב האָט פשוט מורא געהאַט פאַר איר גרויסער בריהשאַפט. מען פלעגט זיך דערציילן ווי זי האָט באַ־האַנדלט און ווי זי האָט געטענהט צו אירע דינסטן. ווען א דינסט־מיידל האָט אָפּגעזיגן לאָקשן און איין לאָקש איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, האָט זי צו איר געזאָגט: „זאָג נאָר חנה, קראַנק איז דער

לאָקיש צו ליגן ווי אלע לאָקשן ליגן, הא?״ האָט טאקע דעם איניקלס
ווייב מורא געהאט זי צו נעמען צו זיך. אָבער דאָס איניקל גופא
האָט זי פארערט און רעספעקטירט און שטאָלצירט נאָך ביז היינטיקן
טאָג אויף דעם זיידנס און באָבעס יחוס. ער האָט די באָבע זיינע
דווקא יאָ געוואָלט נעמען צו זיך.

איך דערמאָן מיך נאָך די צייטן בשעת זי איז געבליבן אַן אלמנה
און א זון, שוין א באווייבטער, האָט געוווינט ביי איר, האָט נאָך איר
אדעליק אויסזען געוועקט אין יעדן איינעם ערפאָרכט צו איר. געווען
איז זי א פרוי פון מיטעלער גרויס, גענוג רונדיק, אָבער דאָס פּנים
אירס א בלאס, מיט שווארצע געביטערישע אויגן און א שיינער יידישער
שטאָלצער נאָז. ווען זי האָט זיך אליין שוין נישט געקענט אָנטון דאָס
שייטל און געווען אָנגעטון אין א פאטשיילע, איז די פאטשיילע געווען
פארבויגן ביי איר אזוי, אז מען זאָל ארויסזען אירע נאָך שיינע געפּאָ־
רעמטע אויערן מיט די לאנגע דימענטענע אין זילבער געפאסטע אוי־
רינג. איר מאיעסטעטישע קראפט פון דער אמאָליקער שיינקייט האָט זי
נאָך נישט פארלוירן. דער טאטע אייערער און איך פלעגן זי אָפּט
באזוכן, געדענק איך ווי זי האָט נישט געקענט פארשטיין דעם זונס
ווייב, וואָס פלעגט ביי א שוואנגערשאפט טראָגן ספּעציעלע ברייטע
קליידער און ברייטע בלוזעס און זי האָט מיט זיכערקייט און שטאָלץ
געטענהט: „איך האָב קיינמאָל נישט געמאכט קיין אונטערשיד, תמיד
געטראָגן די זעלבע קליידער און גאָרסעטן, נישט לויז געמאכט די
בענדלעך, אָדער דעם פאס פון קלייד און פונדעסטוועגן געבוירן פערצן
שיינע קינדער אָן א מום.״ דעם זונס פרוי האָט זי מורא געהאט צו
זיך צו נעמען, האָט זי געמוזט וווינען ביי פרעמדע. איך און דער טאטע
פלעגן זי אפט באזוכן, ווייל זי איז געווען דעם טאטנס א מומע.

*   *   *

איך גיי צו קינד מיט דעם ערשטן
זון — משה

איך דערמאָן מיך ווי איך בין געגאנגען צו קינד מיט דעם ערשטן
זון משה. אָנגעהויבן האָט זיך עס אין סאמע שבת־צונאכט און די
ווייען זענען נאָך נישט געווען אזוי גרויס, האָב איך מיך נישט
געשראָקן און געטראכט ביי זיך, אז אלע פרויען האָבן דאָך קינדער,
וועל איך אויך האָבן, כאָטש מיט יסורים. איך וועל אליין, אָן דעם

דאָקטאָרס הילף געווינען. לײדער האָבן די ווײען אָנגעהאַלטן ביז מיטוואָך פארנאכט און איך בין פאר יסורים אַלע רגע ארויס פון בעט, ארומגעלאָפן מיט די לאַנגע געדיכטע בלאָנדע האָר צעפלאָכטן, ווי א משוגענע. דאָס איז געווען ביי מײנע עלטערן אין שטוב און די אַלטע באבע שײנדל האָט שוין אַלײן געהײסן שיקן נאָך דעם דאָקטאָר רײס. דעמאָלט בין איך שוין געווען הײזעריק פון שרײען. דערצו איז דאָס נאָך געווען אין א הײסן סעפּטעמבער־טאָג און די כוחות זענען מיר שוין אויסגעגאנגען. איך האָב נאָך אין אײן אָטעם באוויזן צום דאָקטאָר צו שרײען און בעטן, ער זאָל מיט מיר מאכן א סוף, איך וועל אים אַליין אוועקשענקען. אָבער ער האָט געמיטלעך און געדולדיק געוואַרט. די מאמע איז געלאָפן אײנרײסן אין אַלע שולן און די מומע סימע בערגלאָס, וואָס דער טאטע אײערער האָט גערופן, איז געשטאנען לעבן בעט און תפילה געטון. זי האָט געהאַלטן די אויגן פארגלײזט, געשטרעקט בײדע הענט אין דער הויך צו גאָט און אים געבעטן און געזיפצט. איך האָב זי באטראכט ווי א הײליקע. אָבער געהאָלפן האָבן די קלעשטשעס... דאָך האָט די מומע בערגלאַס דעמאָלט ביי מיר נושא־חן געווען.

ווען ס'האָט זיך ווער פון שטעטל געדאַרפט שואל־עצה זײן, אָדער שאצן צירונג, איז מען געגאנגען צו־סימע בערגלאַס.

מײן צווייטן זון — זכריהס —
פריע קינדהײט

ווען דו מײן צווייטער זון, זכריה, וועלכן איך האָב אַלײן גע־זויגט און זײער פרי, ביי זיבן חדשים, אנטוווינט, האָסט באקומען א דארם־קאטאר, זענען דעמאָלט בײדע דאָקטוירים געהאַט אוועק־געפאָרן אויף א דאָקטאָר־צוזאמענפאָר קײן לעמבערג. מיר האָבן גענומען דעם מיליטערישן ארצט. ער איז אָבער געווען דער גוטער שליח און געגעבן א גוטע רפואה — א גלאָז געקאָכט וואסער מיט א צעשלאָגן ווײסל פון אן איי און מיט א קאווע־לעפל קאָניאק. ער האָט געהײסן אַלײן אויסמישן און געבן יעדע שעה דעם קינד א לעפל. די צווייטע רפואה איז געווען צוריקצוגעבן די ברוסט, ווייל אַלעס אנדערע וועט דעם קינד שאטן. די מומע סימע בערגלאַס האָט אָבער בשום־אופן נישט געהײסן צוריקגעבן די ברוסט, ווייל דאָס קינד וועט האָבן א שלעכטן זכרון. אָבער מיר האָבן זי נישט געהאָרכט און איך בין געלאָפן ארומזוכן אן אם, ווייל נאָך זעקס וואָכן אנטוווינען, איז מיר



משה (פון רעכטס) און זכריה

פאָטאָגראַפירט אין קוראַרט טרוסקאָוויעץ
(טריסקעווייץ) אין יאָר 1900



הערץ

פאָטאָגראַפירט אין ווין אין יאָר 1915



**משה הררי אין יאָר 1918**

אַלס פּריוואַטליקער אין ענגליש־יידישן לעגיאָן
אין מצרים



**משה הררי**

אויטאָפּאָרטרעט, ווין 1920



משה הררי

אויטאָפּאָרטרעט, ווין 1921



משה הררי

אויטאָפּאָרטרעט, ערב נעמען זיך דאָס לעבן,
ווין 25טן מערץ 1921



**הינדע בערגנער**

פֿאָטאָגראַפֿירט אין קאַרלסבאַד אין יאָר 1913

די מילך שוין פארשוואונדן. דאָס איז געווען גראָד אין גרעסטן ברען פון שניט־צייט. איך האָב דערווייל געבעטן די אַם, וואָס איז געווען ביי מיין שוועסטער לייטשע און געזייגט שוין אַן עלטער קינד אַז זי זאָל מיר העלפן און געפּרואווט ביי אַראָפּגעלאָזטע ראָלעטן, דו, מיין זון זכריה, זאָלסט צוריק אריינגעמען די ברוסט. אָבער עס איז מיר אָנגעקומען מיט נויט־שוויים פון עטלעכע טעג ביז דו, אַן אויסגעהונגערטער, האָסט געפּאָלגט. איך האָב דיך דעמאָלט נאָר געקאָרמעט מיט דער וואסער־מידיצין. עס איז מיר שפּעטער סוף־כל־סוף געלונגען און איך האָב געפונען אַן אַם מיט אַ קינד. איך האָב געהאלטן די אַם מיט איר קינד, ביז דו ביזט געזונט געוואָרן. אין עטלעכע יאָרן ארום האָב איך מיך געריוצט מיט דער מומע בערגלאַס, ווייל דו האָסט געהאט אַן אויסערגעוויינטלעך גוטן זכרון און ביי צוויי יאָר דעקלאַמירט דייטלעך פארשידענע געדיכטן און אפילו ביי אכט חדשים שוין דייטלעך גערופן די ניאַנקע ביים נאָמען „האַנקאַ“.

*   *   *

איך וועל נאָך שפּעטער פּרוּוון אייך, מיינע קינדער, צו דערציילן פון מיינע הדר־יאָרן, אָבער פריער וועל איך נאָך דערציילן וואָס מיינע עלטערן האָבן ·נאָכדערציילט פון זייער לעבן אין די יונגע יאָרן, פון די אַלטע צייטן ווי אַזוי זיי האָבן פריער געוווינט ביז זיי האָבן שוין געקענט און געמעגט אויף אַ גויאישן נאָמען קויפן אַ הויז. איך וועל פּרוּוון טאַקע דאָס הויז צו באַשרייבן.

וועגן מיין טאַטע־מאַמעס ערשטע
דירה פון ארום 1850

מיין טאַטע האָט אַלעמאָל איבערגעחזרט, אַז ער האָט באַקומען ק'ן ריינישן גדן און געוווינט ביי אַ גוישן קצב אין אַ קליין שטיבעלע און אַ פעסל מיט דעם לאָקשן־ברעט איז געווען דער טיש און צוויי קאַנען די בענקלעך צום זיצן. און צו דעם — האָט די מאַמע דערציילט — פלעגט צו יענע צייטן אַלעמאָל זיין איינקוואַרטירט אַ זעלנער אויף עטליכע טעג און — נישט פרעגנדיק זי האָט ער אַמאָל געכאַפּט דאָס געשיר און אַרויפגעלייגט חזיר און די מאַמע, אַזאַ אָפּגעהיטענע און כשרע, האָט געמוזט שווייגן.

### דאָס אייגענע הויז פון מיינע
### טאטע־מאמע

אויך האָט דער טאטע דערציילט ווי מען האָט אים עטליכע יאָר נאָך דער חתונה אסענטירט, איינעם פאר דעם גאנצן שטעטל, ווייל דער זיידע האָט שוין אין דעמאָלטיקע צייטן געהייסן אן עושר. ער האָט דעם טאטן פאר פינפהונדערט רייניש אויסגעקויפט דעם „סו־פּלענט" פאר אלע. ווי ער, דער טאטע, האָט אָנגעהויבן צו האנדלען — און טאקע געהאט מזל און פארדינט — האָט ער זיך שוין זייער געוואָלט קויפן אן אייגן הויז. עס איז אים אָנגעקומען זייער שווער ווייל א ייד האָט נאָך אין דעמאָלטיקע צייטן נישט געטאָרט קויפן אויף זיין נאָמען א הויז. האָט ער עס געקויפט אויף א קריסטלעכן נאָמען. דאָס הויז איז אין וועלטקריג, אין יאָר 1914, פארברענט געוואָרן. איך קען עס נישט פארגעסן. מיר חלומט זיך כסדר דאָס הויז און די שטאל מיט די בהמות. אממייסטן די קי „גניאדולע", וואָס פלעגט גלייך אויסדרייען דעם קאָפּ ווי איך בין אריינגעקומען אין שטאל. אויך די „טשארנולע" אָן דעם האָרן. רוזשקע, די קריסטלעכע דינסט, האָט געזונגען א ליד פון א „שיעראָטע" ביים מעלקן די קי און איך פלעג ארויפקלעטערן אויף דעם שטאל־בוידעם צונויפקלויבן די אייער פון די הינער.

### הינער און טויבן

ווען איך פלעג ברוגז וְוערן האָב איך מיך אויסבאהאלטן אויף דעם שטאל־בוידעם כדי מען זאָל מיך נישט קענען געפינען. אויף דעם פּאָדוואָר איז געשטאנען א גרויסע סוכה. איך פלעג מיך דאָרט שפּילן מיט מיינע חברטאָרנס. פון דער שכנותדיקער שול זענען די טויבן געקומען צו פליען ווען איך האָב געגעבן עסן די הינער. איך האָב אויך פון די טויבנס וועגן געגנבעט וויקע פון שפּייכלער — דער טאטע זאָל נישט זען — און זיי געקאָרמעט. דער שול־לערער, באמערקנדיק פון זיין פענסטער, וואָס איז ארויס אויף אונזער הויף, ווי איך בין געטריי זיינע טויבן, האָט מיר אהיימגעברענגט פאר־שידענע שיינע מעשה־ביכלעך צום לייענען.

### ווי אזוי אונזער הויז האָט אויסגעזען

דאָס הויז איז געווען א געריכטס־הויז מיט ארעסטן אין די פריערדיקע צייטן. די אייזערנע גראטעס פון דער הינטער־וווינונג זענען

נאָך פארבליבן. דאָס איז געווען איין גרויסע שטוב מיט צוויי פאַר־קראַטעטע פענסטער אויפן הויף ארויס. צוויי פענסטער אין גאַס אריין און א קליין פאָרהויז מיט א גאַניקל און טיר אויך אין גאַס אריין. דער טייל פון הויז האָט געדינט צום האנדל. איך פלעג דאָרט שטיין נאָך אַלס חדר־מיידעלע אין מארקטעג און פרעגן די דורכפאָרנדיקע גאָספאָדארעס: „מאַטשיע זבאָזשע דאָ ספּשעדאַניאַ?”

ווייטער אנשליסנדיק זענען געווען צוויי שטובן, וואָס די עלטערן האָבן באַוווינט. איין אַלקער מיט א פענסטער — אויך אין גאַס אריין — און איך געדענק נאָך ווי עס האָט פון לעבן דעם פענסטער, ווו עס האָט אַמאָל געמוזט זיין א לאַדן, נאָכגעהאָנגען דאָס שטריקל מיט דעם שטעקעלע צו ציען דעם לאַדן, און ווי אויף דער נאַכט פלעגט דער טאַטע שטעלן ביים פענסטער צוויי בענקלעך — איינס אויף דעם אנדערן מיט די פיס ארויף — אז אין פאַל א גנב וועט זיך וועלן אריינבאַקומען זאָלן די בענקלעך אומפאַלן און אַזוי ארום אויפוועקן די שטוב־מענטשן פון שלאָף.

אַן אַלטע מעשה מיט גנבים

בינו לבינו, אַזוי ווי איך האַלט שוין ביי גנבים, דערמאָן איך מיך אַן אַנעקדאָט, וואָס דער טאַטע האָט אַסך מאָל נאָכדערציילט: איינמאָל אין מיטן דער נאַכט האָט דער טאַטע דערהערט א קלונג פון א שויב און עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס הערט זיך פון דער הינטער־־טיר, וואָס איז ארויס אויף דעם שכנס הויף. האָט דער טאַטע געוועקט די מאַמע און געזאָגט: בלומע, הערסט, גנבים דעביוועון זיך צו אונז, גיי זע! און אַליין מורא געהאַט צו גיין. ווי זיי האָבן זיך אַזויביידע געדונגען ווער עס זאָל גיין פריער, האָבן שוין אויף אַן אמת אָנגעהויבן פאַלן שטיקער שויבן אין־פיר־הויז אריין. זענען טאַטע־מאַמע ארויסגעלאָפן אין פיר־הויז אריין מיט א געשריי און די גנבים איבערגעשראָקן. אויף דעם צווייטן טאָג האָט נעבעך איין גנב פאַר דעם אנדערן זיך באַקלאָגט: — הערסט דוד, די נגידים קענען נישט שלאָפן.

די מעבל־שטוב און די הענג־לייכטער

נאָך דעם אַלקער איז געווען א גרויסע שטוב, וואָס מען האָט גע־רופן די „מעבל־שטוב”. איבער דער טיר פון אַלקער־שטוב, וואָס האָט אריינגעפירט אין דער שיינער, ווייס־אויסגעקאַלכטער מעבל־שטוב, מיט

זויבער בלאנקענדיקע פּאדלאָגעס, וואָס רוזשקע האָט מיט א שטרויענעם וויעכעטש און מיט זאמד אזוי שיין אָפּגעוואשן, אז עס איז א שאָד געוועזן א טראָט צו געבן אויף איר, זענען געווען אָנגעשלאָגן צוויי גרויסע — אן ערך פערציק צענטימעטער אוועקשטארנדיקע — מעשענע רייערן מיט ארויפגעשרויפטע מעשענע פייגל. יעדן פרייטיק פאר ליכט־בענטשן האָט די מאמע זיך ארויפגעשטעלט אויף א קליין בענקעלע און אין די רייערן ארייננגעשטעלט גרויסע געקארבטע פּאראפין־ליכט — שוין אָנגעצונדענע. פון דאָרט האָבן די פייגל ארויסגעקוקט ווי פון א גן עדן.

אין דער מעבל־שטוב האָט שוין געהאָנגען אין דער מיט אויף א בעליק א גרויסער מעשענער הענגל־לייכטער מיט אסך מעשענע רייערן און צווישן יעדער אזא רייער איין מעשענער פויגל. די שטוב איז געווען גענוג גרויס — מיט דריי פענסטער. איינס אין געסל אריין און צוויי פענסטער צום פראָנט. די שטוב איז געווען נידעריק און נאָך דערצו מיט בעלקעס. ווען די מאמע פלעגט פרייטיק פארנאכט צו ליכט בענטשן אָנצינדן אָט די אלע רייערן מיט ליכט, האָט זיך אויס־געדאכט, אז די שכינה האָט דאָרט גערוט.

איך געדענק אפילו ווי דער טאטע פלעגט זיצן ביי א קליין טישל לעבן פענסטער אין דער שיינער שטוב שבת אין דער פרי און מעביר געווען די סדרא פון דער וואָך מיט זייער א שיינעם ניגון. איך געדענק דעם ניגון נאָך היינט.

א ספרים־שאפע מיט א פּאָר אנטיק־
שאלקעס

אין דער מעבל־שטוב, מיט דעם שיינעם היסטאָרישן הענגל־לייכטער זענען געשטאנען צוויי ספרים־שאפעס. אין איינער — דער עלטערער, געלער, מאסיווער, מיט פיר קליינע שייבלעך — זענען געשטאנען אויסגעשטעלט פארשידענע ספרים, דערונטער איין צאינה וראינה מיט רש"י־טייטש, וואָס איך פלעג יעדן שבת מיר ארויסנעמען צום לייענען. עס איז דאָרט אויך געווען איין קליין ספר מיט אן אויפגע־מאָלענער האנט איבער דער גאנצער לענג פון שער־בלאט און איבער דער האנט די אויפשריפט „חכמת היד". אין די צוויי נישט באַ־שויבטע פאכן זענען געלעגן פארשידענע שטיקלעך וועש. אויך האָבן זיך דאָרט נאָך געפונען די שאלקעס, וואָס די מאמע מיינע האָט געמאכט א מתנה דעם טאטן נאָך אלס כלה. עס איז כדאי זיך לענגער אָפּצו־

שטעלן און צו דערציילן וואָס פאַר אַן אנטיק די שאַלקעס זענען געווען. די ברייט קעגן 15 צענטימעטער, אויף געדיכטער קאַנווע מיט איינצלנע פעדים אויסגעהאַפטן, מיט גראָז־גרינער זייד אַ גירלאַנדע דורך דער גאַנצער לענג פון דער שאַלקע. די גירלאַנדע, וואָס איז באַשטאַנען פון קליינע רויזן און קנאָספּן מיט בלעטלעך איז געווען אַזוי קונציק און די פאַרבן אַזוי נאַטירלעך צוגעוועלט, אַז זיי האָבן פון דעם פאַרהאַפטענעם גרינס אַזוי ווי לעבעדיק פון גראָז אַרויסגעוואַקסן, אַרויסגעקוקט. ווען נישט דער קריג אין יאָר 1914 וואָלטן די שאַלקעס נאָך עקזיסטירט. איך האָב מיר תמיד געטראַכט מיר די שאַלקעס צו באַהאַלטן אויף אַן אָנדענק פון דער מאַמען. זיי זענען געווען אַן אַנטיק. אויף אַן אויסשטעלונג וואָלט מען די שאַלקעס געווען געקאָנט ווייזן. אַזאַ פּראַכט פון האַנט־אַרבעט האָב איך ביז היינט נישט געזען מער.

די זילבער־שאַפע, די „סערוואַנטקע"

די צווייטע ספרים־שאַפע, שוין אַביסל טונקלער, מער ברוין פּאָליטורט, און שוין מער מאָדערן, איז געשטאַנען אין דער מעבל־שטוב אויבן אָן אין ווינקל. די שאַפע האָט געהאַט צוויי גרויסע שויבן — איינע פון זיי אַ רונדע, איבער דער גאַנצער ברייט. פון אויבן זענען געווען אויסגעשטעלט פאַרשידענע זילבערנע חפצים. אייגנטלעך איז די שאַפע געווען מער ספּעציעל פאַר זילבער ווי פאַר ספרים און מען האָט אַזאַ שאַפע אָנגערופן „סערוואַנטקע". פון אויבן איבער דער סערוואַנטקע איז געווען אַן אויפזאַץ, וואָס האָט געבילדעט אַ קרוין פאַרצירט מיט אַ קראַנץ בלומען.

אינעווייניק, אין דער ערשטער באַשויבטער רונדער פאַך, איז די שאַפע געווען טאַפּעצירט מיט אַ געמוסטערט בלוי־ווייס בלומען־פּאַפּיר. אויף דער מיט פּאַפּיר איז געווען אַ פאַרביקע טאַשמע מיט מעשענע טשוועקלעך, איינס פון צווייטן לאָקער צוגעשלאָגן. אין דער טאַשמע זענען געווען אַרום און אַרום אַריינגעשטעקט זילבערן עס־צייג. געשטאַנען זענען דאָרטן עטליכע פּאָר זילבערנע לייכטער, אַ גרויסע טאַץ, וואָס מען פלעגט זי לייען אויף אַ פּדיון הבן, אַ פלאַש, געגירשנט פון דעם זיידן משה. אויף דעם פלעשל זענען געווען אויסגעקריצט פיגורן מיט אַ מענטשליכער צורה. ווען מיין מאַמע האָט אַמאָל מיט דעם פלעשל אָפּגעשיקט וויין צום רב, האָט דער רב באַפוילן, אַז דאָס פלעשל טאָר זיך נישט געפינען אין אַ יידישער שטוב. ווי דער

טאטע האָט דאָס דערהערט איז ער טאקע געגאנגען צום רב פרעגן א שאלה. דער רב האָט געפּסקנט, אז דער טאטע זאָל לאָזן פון דעם זיל־בערנעם פלעשל אָפּהאקן די נעזער פון די פיגורן.

דער זילבערנער „ציץ־כלי־קודש"

אויך איז אין דער שאפע געשטאנען, אין זעלבן פאך, א באקליידונג פאר א ספר תורה פון זילבער, וואָס האָט פאַרגעשטעלט אן ארון קודש מיט באגילדעטע טירלעך צום אויפעפענען און מיט א זילבער־נער קייט צום ארויפטון אויף דעם ספר. דאָס האָט זיך גערופן „ציץ כלי־קודש". יעדעס יינגעלע וואָס האָט אָנגעהויבן חומש און געזאָגט שבת א דרשה — פלעגט מען פאר אים לייען די ציץ־כלי־קודש, אים דאָס אָנטון מיט נאָך אסך זילבערנע און גילדערנע זייגערלעך.

און נאָך צוויי זילבערנע פושקעס זענען אין דער שאפע געוועזן אויסגעשטעלט. איינס א קליין טאבעק־פושקעלע מיט זייער א שיינער און מאסיווער גראווירונג. און נאָך איינע — א גרויסע —פאר אן אתרוג.

אתרוג־בענטשן מיט אן אלטן איינבינדער

איך געדענק נאָך דעם איינבינדער, אן אלט יידל מיט א פאר־טאבעקטער נאָז, איינגאנצן א דארער און א שווארצער, שוין נישט קיין יינגער, מיט א ברייטן לוסטרינענעם קאפטן, וואָס האָט שוין אזוי געגלאנצט פאר איבערגענוצטקייט ווי אטלעס, מיט א געפלאָכטענעם זיידענעם גארטל עטליכע מאָל ארום די היפטן ארומגענומען און פון פאָרנט צוגעבונדן און מיט אסך פראנזן נאָכהענגענדיקע. אָט דער איינבינדער האָט יעדעס יאָר זיך געליגן אָט די גרויסע פושקע אויף אן אתרוג. מיט זיין שטומפיקער שפראך האָט ער מיך נישט געלאָזט אליין ארויסנעמען דעם אתרוג צום בענטשן און צו מיר געשריגן. ניעטי, ניעטי! ריר אים נישט מיט דיינע הענט, וואש דיר אפריער די הענט, און איך וועל דיר אים אליין דערלאנגען — און דערביי האָט זיין שווארץ קאָזע־בערדל פאר גרויס פּחד אזש געציטערט ביים ארויסנעמען דעם אתרוג פון דעם פיינעם, דינעם, ווייסן פלאקס. און אויך ער האָט זיך פריער אין זיין פּאָלע די הענט אויסגעווישט... און בשעת איך האָב געבענשט האָט ער מיר געקוקט אויף די הענט איך זאָל דעם אתרוג נישט קוועטשן און חלילה וחס נישט אראָפּלאָזן.

אין דער צווייטער פאך, מיט דער גרויסער, גלייכער שויב פון דער

סערוואנטקע, זענען געשטאנען אויסגעשטעלט גמרות אין פּראכט־באנד. זיי זענען געקויפט געוואָרן פאר מיין ברודער נתן־נטע, וועלכן מיין מאמע האָט דווקא געוואָלט מאכן פאר א רב.

אונזער „פּאָטשעגע"

פון דער גרויסער מעבל־שטוב זענען צוויי פענסטער ארויס אויף א לאנגער פּאָטשענע מיט א ציגל־פּאָסאדסקע. די פּאָטשענע האָט זיך געצויגן איבערן גאנצן פראָנט פון הויז פארביי דער קאָרידאָר־טיר און נאָך א שטיבל מיט א קליין פענסטער אויף וועלכן עס זענען נאָך פארבליבן אייזערנע קראטעס.

איך געדענק נאָך דעם תענוג ווען איך האָב מיך געשפּילט אויף דער ציגל־אויסגעפּלאסטערטער פּאָטשענע מיט מיינע נאָך דריי חברטעס אין „קאמער־קאמער־הויז". מיר האָבן אויף א מעטער קוואדראט צע־שטעלט פיר גרויסע ציגל און יעדע פון אונז פיר האָט זיך ארויפגע־שטעלט אויף א ציגל. מיר זענען אזוי געשפּרונגען פון איין ציגל אויפן צווייטן, אנגעכאפּט זיך אלעמאָל מיט די הענט און ווער עס איז ביים שפּרינגען מיט א פיס אראָפּ פון ציגל האָט געמוזט צאָלן א פאנט.

די פּאָטשענע איז געווען זייער באקוועם הן פאר קינדער און הן פאר עלטערע. גרויס און ברייט — געשיצט פאר רעגן און זון, מיט פּארענטשעס באקוועמע צום זיצן. אין דער צייט פון די מאנעווערס פון מיליטער איז דאָרט געווען די הויפּט־וואך. שבת נאָכמיטיק איז דאָרט געווען זייער היימליך. ווייל אונזער גאנצע פאמיליע האָט געוווינט זייער נאָענט איינס פון דעם אנדערן, פלעגן מיר זיך דאָרט צונויפקומען — אלע קינדער און אייניקלעך — און די מאמע מיינע פלעגט טיילן שבת־אויבס. אויך איר — קינדער — דארפט נאָך עפּיס פון דעם געדענקען. דו זכריה — אוודאי, אפשר הערץ אויך.

דער אוצר פון די שוואלבן ...

ביי איין פּאָרענטש פון דער פּאָטשענע — געדענק איך — איז געווען איינגעקריצט ווי א קליין שופלעדל, אָבער עפענען האָט זיך עס נישט געקענט. האָב איך און מיינע חברטעס אליין געמיינט, אז עס איז פארכישופט און אז דאָרט ליגט אן אוצר. און מיר האָבן זיך מורא געהאט צוצורירן דערצו. איינע פון מיינע חברטעס האָט געזאָגט:
— דאָ, אונטערן דאך פון דער פּאָטשענע, זענען דאָ אסך נעסטן פון שוועלבעלעך און ווען זיי פליען אוועק אויף דעם ווינטער באהאלטן זיי אין דעם שופלעדל עפּיס, וואָס זיי נעמען ארויס פון די נעסטן ...

נאָך אַ מעשה מיט אַ גנב — און
אפשר מיט אַ „נישט־גוטן" . . .

דאָס שטיבל מיט דעם אייזערן־פּארקראַטעוועטן פענסטער איז גע־וועזן מיינס און מיינע געשוויסטערס קינדער־שטוב. איך ציטער נאָך איצט, ווען איך דערמאָן מיך, וואָס מיר האָט איינמאָל אין אַ הייסער זומער־נאַכט פּאַסירט. דאָס פענסטער איז געשטאַנען אָפן — עס האָט דאָך געהאַט אייזערנע קראַטעס — אָבער די טיר פון שטיבל איז געווען פאַרמאַכט און ביידע טירן פון קאָרידאָר אויך פאַרמאַכט. דער טאַטע פלעגט אליין גיין יעדע נאַכט קאָנטראָלירן די שלעסער און אליין פאַרשליסן די טירן. איך מיט מיין שוועסטערס טעכטערל, נאָך אַ קליין, פּיר־יעריק קינד — ריוועטשע, זענען געשלאָפן אין איין בעט און אין צווייטן בעט איז געשלאָפן מיין ברודער נטע. ער האָט געהאַט זייער אַ האַרטן שלאָף. מע האָט געקענט אויף אים האָלץ האַקן — האָט ער נישט געהערט. איינמאָל אין אַזאַ הייסער זומערנאַכט וועק איך מיך איבער און זע מיך אויפן קראַוועטדזש פון בעט. מיט איין האַנט, וועלנדיק אוועקרוקן דאָס בענקל, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיין בעט, האָב איך אָנגערירט אַ בפירושע פּלייצע . . . און געהערט ווי עס האָט געגעבן אַ הוש דורך דער שטוב ווי אַ ווינט. איז דאָס נאָך ווייניק, הער איך ווי עס גיט אַ קלאַפּ די הויז־טיר. שרייען האָב איך אין מיטן דער נאַכט מורא געהאַט, די האָר האָבן זיך פאַר שרעק אויפגעשטעלט אויפן קאָפּ. פאַר גרויס פּחד און אימה האָב איך אָבער דאָך אָנגעהויבן שרייען: נטע, נטע! — און עס איז אַ נס געשען, ער האָט גראָד יאָ דערהערט און ער האָט אָנגעצונדן אַ ליכט און מיר זענען ביידע, אָנ־האַלטנדיק זיך ביי די הענט, געגאַנגען קוקן צו דער טיר. זי איז טאַקע נישט געווען פאַרריגלט. מיר האָבן דורכגענישטערט דאָס גאַנצע הויז, געזוכט אונטער די בעטן און קיינעם נישט געפונען. אָבער אַזוי ווי דאָס איז געשען גראָד צוועלף אַ זייגער, אין דער גייסטער־שעה, האָט מען אויסגעטייטשט, אַז דאָס איז געווען אַ ניט־גוטס. די מאַמע האָט באַשטעלט אַ סופר ער זאָל באַקוקן די מזוזה פון דער טיר פון דעם שטיבל.

דאָס „שטיבל" און מיין מאַמעס
מעשיות

אירע לעצטע, שוואַכע יאָרן האָט אויך די מאַמע אין די זומער־טעג פאַרבראַכט אין אָט דעם שטיבל, כדי נישט געשטערט צו זיין

און קיינעם נישט צו שטערן. דאָס שטיבל איז געווען גאַנץ אָפּגעזונ־
דערט מיט אַן עקסטרען אַריינגאַנג. איך פלעג מיט איר יעדן טאָג אין
דעם שטיבל פאַרברענגען עטליכע שעה. זי פלעגט מיר דערציילן פון
די יאָרן באַלד נאָך איר חתונה.

א מעשה פון אמאָל, אמאָל: די
ערשטע באַן . . .

איינמאָל — האָט די מאמע דערציילט — האָט זי זיך געגרייט צו
גיין ליכט־בענטשן און געהאַלטן אין אָנטון דעם אַטלעסענעם האַר־
באַנד, וואָס איז איר אין אָנפאַנג אָנגעקומען זייער שווער, זייענדיק
אַלט ערשט פערצן יאָר. צום האַר־באַנד האָט זי באַדאַרפט צושפּיליען
דאָס ברוינע, צווירענע שיאָנדל מיט דעם נעצל און זי האָט ערשט
געהאַט דאָס קופּקאַלע פון שוואַרצן אָרגאַנטין אויף דעם געגאָלטן
קאָפּ, כדי דער האַר־באַנד זאָל זיך קענען האַלטן. דאָס רונדע צירונג־
שאַכטל, עס שטייט מיר נאָך היינט פאַר די אויגן, אַ פרעז מיט גרינע
בלעטלעך, איז שוין געשטאַנען אָנגעגרייט מיט דעם צירונג. דאָס
שטערן־טיכל (דריי־רייאיק אויף דראַט, מיט גרויסע, פלאַכע פּערל
אויסגעהאַפטן, פון פאָרנט מיט איין גרויסער, דימענטענער בראָש,
וואָס האָבן געבילדעט אַ קרוין מיט קלענערע דימענט־שטיק, אין זילבער
געפּאַסט איבער דער גאַנצער לענג פון שטערן־טיכל) איז שוין געווען
פון דעם באַהעלטעניש פון שאַכטל אַרויסגענומען. איז פּלוצלינג דער
טאַטע אָנגעקומען צו לויפן פאַרדעכעט מיט אַ גדולה און אַ פרעג געטון:
— בלימע, האָסט געהערט דעם פייף? דאָס איז אַ באַן — האָט ער צו
איר געזאָגט — וואָס פאָרט אָן פערד . . . דאָס גאַנצע שטעטל — האָט
דער טאַטע ווייטער דערציילט — איז געווען ביי דער באַן און איך
אויך און מיר האָבן אַלע געגאַפט אויף דעם וואונדער, וואָס מענטשן
קענען באַווייזן אַזאַ מופת, אַז מען זאָל קענען פאָרן אָן פערד. און
היינט — האָט די מאמע געזאָגט — פאָרט מען שוין בלויז אויף
רעדלעך . . . די מאמע האָט ספּעציעל פיינט געהאַט די מאָטאָציקלען,
וואָס זי האָט געזען אין קאַרלסבאַד, צוליב זייער ריח און טומל. זי האָט
זיי גערופן מיט אַ פּאַסיקן צונאָמען . . .

מיין טאַטנס ערשטע כלה

אויך האָט מיר די מאמע דערציילט ווי זי איז אמאָל נאָך דער
חתונה געגאַנגען איינקויפן און האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט דעם

טאטנס ערשטער כלה. די מאמע איז גראָד געווען אָנגעטון אין דעם ליבל, וואָס די געוועזענע כלה האָט געגעבן דעם טאטן א מתנה. האָט די געוועזענע כלה צו איר געזאָגט: — העי, העי! איינער בויעט און דער צווייטער באזיצט.

*   *   *

די מאמע פלעגט זיך אויך אין די אלטע יאָרן מאכן אָפט נייע קליידער און זאָגן, אז א יונגען מענש באשיינט די יוגנט און אן אלטער דארף זיך אָנטון שיין.

דאָס קינדער־שטיבל האָט זי אָנגערופן איר עיר־מקלט און אלע יאָר זיך געבעטן ביי גאָט זי זאָל נאָך קענען איין זומער אין אים פאר־ברענגען.

אויף דער פּאָטשענע פלעגט אויך קומען צו אונז דעם טאטנס קוזין ברוך בערגלאס מיט פרוי און קינדער. די פרוי בערגלאס האָט גערופן איר זון יעקב מיט דעם פּוילישן נאָמען „קובא”. די מאמע האָט דאָס דורך דעם שטיבל־פענסטער געהערט, האָט זי דאָס זייער אויפגערעגט און זי האָט געזאָגט צו מיר: — איז דען נישט שענער יעקב, איידער קובא, ווי מען רופט אן ערל?

מיין מאמע קומט אויף הערצ׳ס ברית

ווען איך האָב געשוואנגערט מיט הערצן איז די מאמע שוין געווען זייער קראנק. זי האָט זייער מורא געהאט און זיך איינגערעדט, כאָטש זי האָט דאָס נישט ארויסגעזאָגט, אז דאָס איז איר סוף. איך האָב אָבער פארשטאנען אירע געדאנקען, אז זי קלערט אזוי ווי איך האָב צוויי זין און בין, נאָך דרייצן יאָר נישט שוואנגערן, איצט גראָד — ווען זי פילט זיך אזוי שוואך — פארגאנגען אין טראָגן, איז עס אוודאי דערפאר איך זאָל האָבן א טאָכטער שוין מיט איר נאָמען בלימע... ווען איך האָב אָבער געהאט א זון איז זי, נאָך מיט אלע כוחות — זיך שיין, שבתדיק אָנטועענדיק, אין גאנצן צירונג, מיט א שווארץ זיידן קליידל און פלושענער פּעלערינע און ברוין פלושן שאַ־לעבל אויפן קאָפּ, וואָס האָט איר אזוי שיין געפּאסט — געקומען אויפן ברית. כאָטש זי איז געווען מיט אזא שווערער צוקער־קרענק באהאפטן, האָט איר פּנים מיט די רעגלמעסיקע געזיכט־ציגן אָן א קנייטש, מיט די גרוי־בלויע אויגן, געשיינט ווי דער מאָרגן־שטערן.

הערצן האָט זי זייער ליב געהאט און די אם — א „ניעשיע־

וויאַטער" — פּלעגט אים ברענגען צו דער מאַמען אין איר באַליבט עיר־מקלט און אַליין אַוועקלויפן צו אירע תחנים. די מאַמע האָט הערצן געפּיעשטשעט און פאַרשפּילט אויף איר בעט גאַנצע טעג. ווען די מאַמע איז געשטאָרבן איז הערץ אַלט געווען אַכט חדשים.

מיין מאַמעס לעצטע ליכט־בענטשן

נאָך אַסך וואָכן ליגן אין בעט איז די מאַמע פּלוצלונג דעם לעצטן פרייטיק אויפגעשטאַנען פון בעט און זיך געהייסן דערלאַנגען וואַסער צום וואַשן און דאָס רויטע, שטאָפּענע יאַקערל מיט דעם שוואַרץ־סאַמעטענעם געשטיקטן קעלנערל, און אָנגעטון זיך אין אַ שנייווייסן — מיט אַן אויסגעשטיקטן שיינעם מוסטער־דעסען אונטער־ראָק — און ווי קיינמאָל גאָרנישט גאַנץ אַליין אָן שטיצע צוגעגאַנגען צום אַלקער־טיש, וווּ די לייכטער זענען געשטאַנען, אָנגעטון זיך אויף דער ווייסער הויב אַ ווייס זיידן טיכל אויף דעם קאָפּ און, לייענענדיק מיט גרויס כוונה די תחינה, געבענטשט ליכט און אַליין צוריקגעגאַנגען צום בעט.

מיין מאַמעס לעצטער שבת און די
טעג פון דער שבעה

שבת אין דער פרי האָט דער דאָקטאָר מיין מאַמען געהייסן שטעלן באַנקעס. מוז מען דאָך אַלעמאָל צינדן און לעשן — האָט זי מיר געזאָגט: — זעסט הינדזיע, אָט ד ע ר שבת ברענט מיר די אויגן אויס . . .

שבת נאָכמיטיק איז זי נאָך געזעסן אויף דעם בעט אָנגעטון אין שבת־בגדים און דערציילט: — בלימע איז נישט געווען קיין קעלבל. איך האָב נישט מורא פאַרן טויט . . .

דאָס האָט זי געמיינט, אַז אירע געוויסן זענען ריין. קיינעם נישט קיין שלעכטס געטון און נור גוטס, סאַמע גוטס, פון איר יינגסטער קינדהייט ביז צום סוף.

איך דערמאָן מיך ווי דער טאַטע פלעגט צו איר זאָגן: — בלימע, וועסט מיר אויך אָפּלאָזן אַביסל פייגל־פוך אין גן עדן? . . .

אין דער שבעה, ווער עס איז געקומען קאָנדאָלירן, מנחם אבל זיין, האָט אַלץ מער נאָכדערציילט וואָס פאַר אַ גוטס די מאַמע האָט געטון. קיינער האָט שוין נישט מורא געהאַט פאַר דעם טאַטן און דערציילט דעם אמת . . . צווישן אַנדערע דערציילט ווי אין „פּשעדנאָוועק" האָט

זי די אָרימע הענדלער ארויסגעגעבן פארשידענע תבואה און פאר־זאָרגט די קינדער פון אָרימע אלמנות מיט עסן, כדי די אלמנות זאָלן קענען זיצן אין מארק און פארדינען פאר די קינדער און נישט ווערן געשטערט. זי פלעגט אין די יונגע יאָרן זויג־קינדער אפילו געבן צו זויגן פון דער אייגענער ברוסט, ווען זי האָט געקענט.

מיין טאטע־מאמע אין זייערע
לעצטע יאָרן

די מאמע מיינע האָט געלעבט 73 יאָר. איבער 20 איז זי געווען קראנק. דער טאטע האָט זיך געפילט באַוואוּלט דאדורך... איך געדענק ווי ער פלעגט אסך מאָל זיין פארקלערט און אומעטיק, און זיך שטילער־הייט זינגען א פארבענקטן ניגון... און אפילו אמאָל ליב געהאט איינצוטענהן מיט א שכנה און האלטן איר האנט... נאָך דער מאמעס אָפּשטארבן איז דער טאטע אלט געווען עטליכע און זיבעציק יאָר. ער האָט געהאט קינדער ביי זיך וואָס האָבן אלעס באַזאָרגט. אויך דינסטן. און דאָך האָט ער זיך נאָך פארמאָסטן חתונה צו האָבן און אפילו מיט אסך א יינגערער פון אים. און אפילו געהאט „באשוי", אָבער וואָס דער אמת: די קינדער האָבן אים געשטערט.

איך דערמאָן מיך ווי דער טאטע פלעגט זיך וויצלען מיט דער מא־מען און איר דערציילן א מעשה ווי א מאן האָט געוואָלט פארנארן זיין ווייב און האָט איר איינגערעדט, אז זי זאָל זיך מיט אים גטן אויף קאטאוועס און ער וועט זי דערנאָך צוריקנעמען. דאָס ווייב זיינס האָט איינגעוויליקט און זיי האָבן זיך געגט. דער מאן האָט זיך געהייסן רעדן א שידוך. האָבן די קינדער זיינע אונטערגעקויפט די שדכנים און זיי האָבן אים פאָרגעשטעלט א כלה, וואָס איז אויף אלעס מסכים געווען און דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן. ביידע זענען געווען צופרידן; סאי די כלה, וואָס די קינדער האָבן איר געגעבן אסך שוויג־געלט און סאי דער חתן, וואָס האָט זיך געפרייט מיט דער שיינער, יונגער כלה — און מען האָט אין קורצן געשטעלט די חופה. נאָך דער חופה — ווי דער חתן האָט דערזען די כלה שוין אָן דעם דעקטור, טאקע זיין געוועזן ווייב, האָט ער מיט גאַלגן־הומאָר א געשריי געטון: — אָדער זעסט איך האָב געהאלטן וואָרט! איך האָב געזאָגט, אז איך וועל דיך צוריקנעמען... דער טאטע, דערציילנדיק די מעשה, האָט זיך געטרייסלט פאר געלעכטער און די מאמע האָט געזאָגט צום טאטן: — יאס'לעב, אויך דיר וועט עס נישט געלינגען...

מיין מאמע האָט געזאָגט ווידוי אסך יאָרן פאר דעם טויט — אויך אין איר געליבטן עיר מקלט, אין דעם קליינעם קינדער־שטיבל. זי האָט נישט געוויינט און זיך מתוודה געווען פאר עטליכע מענטשן. דער טאטע, די מומע חיה שרה, דעם טאטנס שוועסטער, איך און מלך שמש זענען געווען בשעת איר ווידוי־זאָגן. מיר, אלע מענטשן, זענען געווען זייער גערירט — איך ביז טרערן. די מאמע אָבער איז גאָר געווען פרייליך געשטימט. די מומע חיה שרה האָט צו מיר געזאָגט: — וויין נישט — דאָס ווידוי־זאָגן איז א סגולה און די מאמע וועט נאָך לענגער לעבן.

מיין מומע חייה־שרה

די מומע חייה־שרה איז געווען א ווילע, אלטפרענקישע יידענע. געווען ענליך צו מיין זיידן משה, תמיד לוסטיק, פריילעך, הארע־פאשנע, מיט א קלוגן בליק, פאר קיינעם נישט מורא געהאט, נאָך קיינעם נישט געפרעגט, געזונט און ברייט־פלייציק, אין דער וואָכן א פאטשיילע אויפן קאָפּ, אויף׳ן קלייד ארומגעבונדן א ברייטע שערץ מיט צוויי טיפע קעשענעס,ביידע הענט איינגעטונקען אין די קעשענעס ווי אויף צו פארווייקן זיי, אז דער שמוין זאָל אראָפּ — אזוי פלעגט זי קומען צום טאטן און זאָגן: — הערסטו, יאָסל, מיין לייבושן האָט די נאכט א האָר־האָן פארשלעפט... דו ווייסט דאָך — זאָגט זי — מיין פרומער האָספּאָדי זיצט און לערנט ווינטער־צייט שוין פון פיר׳ן אין דער פרי, ווען ס׳איז נאָך אין גאנצן שטעטל פינסטער און אין ערגעץ לייכט זיך נאָך נישט, פלוצלונג הער איך ווי מ׳קלאפּט אין פענסטער און מיין האָספּאָדי עפנט די טיר, גייט ארויס און קומט נישט מער אריין. עס האָט געדויערט איבער א שעה צייט און איך האָב געמיינט, אז ער איז שוין אין הימל. דאָס האָט אים א פריץ — האָט זי געזאָגט — ארויפגעכאפּט אויף זיין קאָלעס, ער זאָל אים ווייזן ווו עס איז דאָ א ווירטס־הויז.

איך געדענק ווי איינמאָל אום פרייטיק, ווען איך בין נאָך געווען א קליין מיידל, רופט מיך די מומע חיה שרה: — קום נאָר גיכער! און שטעקט מיר דאָס האקמעסער אין האנט און זאָגט: — צעהאק מיר די פיש, ווייל איך מוז גיין אין געוועלב אריין. איך וועל דיר געבן א האָניק־קיכל... איז דאָס געווען א האָניק־קיכל! א גראָבער, ראזעווער האָניק־פלאָין — אָבער זייער געשמאַק. אין דער היים ביי דער מאמען וואָלט איך אוודאי אזא האָניק־פלאָין נישט געגעסן.

שבת פלעגט מיין מומע חייה־שרה גיין אָנגעטון אין אטלעסענעם האָר־באנד מיט קליינע צאקעלעך ווי א גריישל, מיט א גרויסן שיאַן און א שטערן־טיכל צווישן דעם האָר־באנד און דעם שיאַן, אין לאנגע, פלאכע, דימענטענע, איז זילבער געפאסט, אויער־רינג און מיט א סטרונע ביי בײדע אויער־רינג צוגעבונדן כדי זי זאָל זיי נישט קענען פארלירן. אויף דעם האָר־באנד האָט זי געטראָגן א הויב, אזא אַרט הוט פון שפיצן, פון פאָרנט דריי גרויסע באָרדאָ־רויזן (זי האָט זייער ליב געהאט לעבעדיקע פארבן) און פון דער הויב האָבן זיך געקרייצט אויף דעם שיאַן,פון הינטן מיט א שלייף געשלאָסן, זיידענע, ווייסע שפיצן מיט אראָפּהענגענדיקע ענדן.

ווען די מומע חייה־שרה פלעגט צו מיר קומען שוין אין מיין וווינונג און איך האָב שוין געהאט משהן — דעם זיידן משה׳ס, איר פּאַטערס נאָמען — האָט זי אים גענומען אויף דער האנט און מיט אים זיך געשפילט און אים גערופן: — טי, סטארי מאָשקע, יא טשיען טאק קאָכאם — —און ער צו איר: — דלאָטשעגאָ טשיאָשטיאַ מאַ טאָקי ברודני פארטושעק? ניעך טשיאָטשיאַ דאַ, טאָ גאָ ניאַנאַ ווימיע: . . . (דו, אלטער מאשקע — איך האָב דיך אזוי ליב . . . פאר־וואָס האָט די מומע אזא פארשמירט פארטעך? זאָל די מומע געבן, ווען די ניאַנע אויסוואשן) האָט זיך די מומע אויפגעשפּיליעט דאָס יאקערל און געוויזן: — פּאַטש, סטארי מאָשקאָ, יאַקאַ קאָשולאַ טשיסטאַ אי ביאַלאַ. (זע, אלטער מאָשקע, וואָס פאר א ריין און ווייס העמד).

ווען משה איז אוועק לערנען אין גימנאזיום איז זי אויף מיר זייער בייז געוועזן. — פארוואָס מאכסטו אים זאריז פאר א גוי? זע, איך האָב אסך זין און אלע האָבן פרנסה פון האנדל און קענען דערביי גוט לערנען און אפילו א משפחה מפרנס זיין.

דער פעטער לייבוש

דער פעטער לייבוש חייה־שרה׳ס איז געוועזן א נידעריקער, נישט קיין שיינער. א שיטער, שווארץ בערדל מיט א גרויסער, אוועקגע־סטארטשעטער נאָז אין דער קרום, דערביי האָט ער געהאט א היקע־דיקע שפּראך. געטראָגן האָט ער א העמד מיט א ווייכן, ברייטן קאָלנער, פאָרנט דאָס האַרץ אָפן, די הויזן איבער דער קני צוגעבונדן מיט ווייסע בענדלעך איבער די ווייסע זאָקן מיט פאנטאָפל. א גרויסן טלית־קטן מיט לאנגע ציצית און פון אויבן א כאלאט, א ברוינעם

מיט לילא גרויסע בלעטער און מיט א געפּלאָכטענעם, שווארצן גארטל מיט פראנזן צוגעבונדן. ער איז געוועזן א ייד א תלמיד חכם, דעם רביז רב חיימלס פון ניישטאט א זון. פונדעסטוועגן איז ער געפאָרן צום לאָוויעצער פּריץ האנדלען. דער פעטער לייבוש איז ביים לאוויעצער פּריץ געוועזן א הייליקער. טאָג־טעגליך האָט ער נאָך אים געשיקט א „געלעגנהייט”, זיך וועגן אלעם מיט אים געראַטן, דורך אים פארקויפט און געקויפט. יעדן טאָג האָט ער פון דעם פריץ אהיימגעפירט א מתנה. אין לאוויעצער פריין'ס הויף האָט מען אים אנדערש נישט גערופן ווי „נאַש ראבין לעיבוש”. ווען ס'פלעגט ווער פון דער פאמיליע גיין צו קינד, האָט מען שוין צו וויסן געגעבן דעם פעטער לייבוש און געשיקט א פריון. און ער האָט זיך טאקע איינ־גערעדט, אז ער איז א רבי. די מומע חייה־שרה האָט טיילמאָל, ווען ס'האָט איר געטויגט, געזאָגט: — איר וויסט, ענקער פעטער לייבוש האלט אייך אלע אויף מיט זיין פרומקייט. און אמאָל האָט זי אים אויסגעלאכט. — האָספּאָדי! ביז ער רעדט ארויס א וואָרט — קען איך דערווייל זיין אין לעמבערג; און דער פריין־לעקיש האלט פון אים ווי פון א גאָט. אזא פארקרומטער און אזוי געטויגט... אכצן קינדער מיט אים געהאט...

דער מומע חייה־שרה'ס קינדער און
קינדס קינדער

די מומע חייה־שרה איז פונדעסטוועגן פריער אוועק פון דער וועלט ווי דער פעטער, נאָך פאר דעם וועלט־קריג. זי איז אלט געווען אן ערך 73 יאָר. פאר דעם אָפּשטארבן האָט זי געהייסן טעלעגרא־פיש בארופן אלע זין פון דער פרעמד און זיי זיינען טאקע אלע געקומען. דער עלטסטער זון אירער איז איצט אלט ארום נייצניק יאָר. נאָך פריש און געזונט. האָט שוין נאָך זיין ערשטן ווייבס טויט באוויזן דריימאָל חתונה צו האָבן און דריימאָל אָפּגעלאָזט שידוכים. איצט וויל ער גטן דאָס ווייב ווייל זי קומט נישט נאָך... טענהט ער ביים רב — וויל ער זי גטן און חתונה האָבן מיט א בתולה. ער הייסט הערש נטע און שפּילט א חסידישע ראָלע. ער טראָגט נאָך שיך און זאָקן און א שווארץ־סאמעטענעם כאלאט און האלט זיך אויף פאר א רבין. לערנען קען ער, דאָס ווייסט יעדער, אָבער ער איז א קארגער; די ווייבער גיט ער נישט אסך אויף פרנסה און אליין עסט ער א גרויסן טאָפּ קאלטע קארטאָפּליעס, וואָס ער קאָכט זיך אויף צוויי טעג; אָדער מילצלעך געפילטע, וואָס ער האלט אפילו. זומער צוויי

וואָכן און עס שאַדט אים נישט. קיין ייד אויף שבת נעמט ער אויך נישט. געלט שיקן אים די קינדער און אייניקלעך פון אמעריקע און ארץ ישראל. ער האַנדלט נאָך אפילו. אסך געלט האָט ער ביי די גוים פאַרליגן, וואָס וועלן עס אים ביים לעבן אוודאי שוין נישט אָפּגעבן.

אַלע קינדער דער מומע חיה־שרה'ס גייט עס זייער גוט, די אייניקלעך און אוראייניקלעך — נאָך בעסער. חוץ איר זון יוסף אשרן, וואָס איז אַן אביון. כאָטש זיי האָבן נישט שטודירט — ווי זי האָט געזאָגט, אָבער לערנען תורה קענען כמעט אַלע זין. טעכטער האָט זי איננאַנצן געהאַט — צוויי. — וואָס טויג מיידן — פלעגט זי זאָגן — דאָס איז אַרויסגעוואָרפן געלט.

זי פלעג זיך וויצלען און זאָגן: — איך וויל ליבער זיין אין גהינום איידער אין גן עדן. וועמען וועל איך האָבן אין גן־עדן? אזוינע אויסגעוויייקטע פלאַסקערדאַניעס ווי מיין מאַן — איך גיהנום וועל איך טרעפן סאַמע אויסגעפּאַשעטע „דאַטשן" און טון א לעב.

מיין עלטסטע שוועסטער מירל אלס כלה

מיין שוועסטער מירל — מיינע עלטערנס עלטסטע טאָכטער — איז אריינגעראָטן אין דער מומע חיה־שרה. זי האָט אויך געהאַט אַן ערך אכצן ביז צוואַנציק קינדער. חתונה געהאַט האָט זי ביי דרייצן, אָדער העכסטנס פערצן יאָר. זי האָט דערציילט ווי איר מאַן, מיין שוואָגער, איז געקומען, א פאַרבעטענער אלס חתן אויף שבועות, איז ער אַלט גע־ווען אפשר צוועלף יאָר. ער האָט באַוויזן קונצן, אַז ער קען אַראָפּשפּרינ־גען פון טיש און נישט פאַלן . . . ער האָט זי א רוף געטון: קום, לאָמיר גיין זיך שפּילן. איך זע אין הויף ליגן ברעטער, וועל איך מאַכן א הושטאַווקע און מיר וועלן זיך הינזיען.

ווען דעם שוואָגערס אברהם הערש'ס (מירלס מאַן) עלטערן פון קראָסנע האָבן איינגעוויליקט אויף דער איינלאַדונג, האָבן מיינע עלטערן נאָך אים געשיקט א מלמד קיין קראָס. זייענדיק ביי דער כלה איבער שבועות האָט דער מלמד אים פאַרהערט לערנען און דער טאַטע האָט אים געגעבן א מתנה — א גאָלדן זייגערל. נאָך יום טוב האָט ער אים מיט דעם מלמד אָפּגעשיקט אהיים.

מירלס עלטסטער זון — חיים

נאָך א ריי יאָרן און שלעכטע געשעפטן נאָך זייער חתונה האָט זיי דער טאַטע אוועקגעשיקט קיין מיכאַלאָווקע — זיין גוט — ווינען.

זייער עלטסטער זון היים — אין דעם עלטער וואָס איך — איז געבליבן אין שטאָט ביי די זיידע און באָבע, כדי ער זאָל קענען גיין אין חדר. איינמאָל, ווען ער איז שוין געווען עלטער, און פלעגט ווינטער אין דער פרי אויפשטיין, נאָך ביי א ליכט, ער זאָל גיין אין חדר אריין לערנען, האָט פּאסירט, אז עס איז ערשט געווען ניין דער זייגער אין אָוונט און ער האָט זיך שוין געהאט גוט אויסגעשלאָפן — פון פיר'ן פארנאכט. אויפגאפנדיק זיך און זעענדיק, אז עס לייכט זיך שוין דער לאָמפּ, האָט ער זיך גיך אויפגעשטעלט אין בעט און אָנגע־הויבן זיך אָנטון. מיר, אלע שטובמענטשן, האָבן געוווסט זיין טעות און אים געלאָזט אָנטון, זיך וואשן, זאָגן ברכה. קאווע טרינקען האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט, מיינענדיק, אז עס איז שוין זייער שפּעט. ער האָט געכאפּט דאָס לאמטערנדל און אוועקגעלאָפן גלייך אין חדר אריין. ווייט לויפן האָט מען אים נישט געלאָזט, פון מיטן וועג אים צוריקגערופן און אים אויסגעלאכט. ער איז אויף קיינעם נישט ברוגז געווען אזוי ווי אויף מיר: — דו האָסט עס געזען און מיר נישט געזאָגט, אז עס איז ערשט ניין דער זייגער און מיך געלאָזט זיך אָנטון און גיין אין חדר, אז מען זאָל מיך אויסלאכן — וועל איך מיט דיר שוין קיינמאָל נישט שפּילן אין „איקס־ביקס־באָרדע" — און איך וועל פאָרן קיין מיכאלאָווקע צו די עלטערן מיט א „שניטעלע" (אזוי פלעגן ביי אונז קינדער רופן א שליטן) ווייל איך האָב נאָך נישט געזען ווי דאָרט ווערט שבת... און דערציילן זיי, אז איך בין מיט דיר ברוגז און פארוואָס.

אויף ימים נוראים פלעגט שוין מיין שוועסטער מירל מיט דער גאנצער משפּחה און מיט צוויי דינסטן — איין פּוילישע און איין יידישע — קומען אין שטאָט אריין צו די עלטערן. איך האָב מיך זייער געפרייט מיט די „טשיערפּקיע בארלעך" — אזוי האָט מען גערופן די דאָרפסלייט.

פון אלע קינדער פון מיין שוועסטער מירל איז היים געווען דער אינטעליגענטסטער און דער איידלסטער. ער איז פון מיר יינגער מיט א יאָר, אָדער צוויי. מיר האָבן זיך צוזאמען געשפּילט און צוזאמען געגאנגען אין חדר — אזוי לאנג ביז ער האָט שוין געדארפט א גמרא־מלמד. דעמאָלט האָט מיין שוואָגער אברהם הערש אראָפּגעבראכט פון זיין היימשטאָט קראָסנע א גמרא־מלמד און אים גענומען צו זיך אויף קעסט קיין מיכאלאָווקע. האָט שוין דאָרט אין איין וועגס מיין ברודער מרדכי אויך געלערנט צוזאמען.

דער קראָסנער מלמד — לויט די דעמאָלטיקע יאָרן, ד.ה. מיט עטליכע און פופציק יאָר צוריק — איז געווען שוין אביסל אויפגע־קלערט. די תלמידים האָט ער נישט ארייגעפירט אין פאנאטיזם. חוץ דעם פלעגט ער מיט זיינע תלמידים — סאַי ווינטער, סאַי זומער — שעהן־ווייז ארומשפּאַצירן און מיט זיי פירן אינטערעסאַנטע געשפּרעכן. דער מלמד איז געווען נאָך אין די מיטעלע יאָרן, אָבער די שוואַרצע באָרד שוין אביסל ערטערווייז באַזילבערט. געווען איז ער אינגאַנצן א שוואַרצער. דאָס גאַנצע אויסזען כמעט ווי פון א ציגיינער. די פיגור זיינע איידל און דאַר. דאָס אויסזען און אויך די טראַכט זיינע פון אויבן ביז אראָפּ שוואַרץ. דער כאַלאַט, דאָס וועסטל, די הויזן, די זאָקן, דער גאַרטל, דער קאַשקעט — אַלץ שוואַרץ. און נאָך דערצו זיינע נאָזלעכער מיט טאַבעק אָנגעשטאָפּט. דאָס טאַבעק־פּושקעלע — מיט זיין אייגענער האַנט אויסגעשניצט — האָט יעדער באַוואונדערט. דאָס שוואַרצקייט זיינס האָט אָפּגעשטויסן, און דאָך האָט ער מיט זיינע רייד באַוויזן די קינדער צוצוציען. מיין ברודער מרדכי האָט פון אים נישט אָפּגעטראָטן. אויך האָט ער יעדן תלמיד צום אָנדענק אויסגעשניצט א קונציקע קאַסעטקע.

מיין ברודערס מרדכיס טראַגעדיע
מיט אן אָפּגעשפּאָרטן אוצר

מיין ברודער מרדכי האָט אין דער שפּאָר־קאַסעטקע אריינגע־וואָרפן דורך א גאַנץ יאָר די זילבערנע זעקסערלעך, אָדער „שיפלעך", ווי מען האָט זיי דעמאָלט גערופן, וואָס דער טאַטע האָט טעגליך גע־שענקט זיין יינגסטן זון, דעם בן זקונים.

אוי, מיינע טייערע קינדער, ווען איך וואָלט געקענט אייך פאָר־שטעלן אין ווערטער דעם צער פון דער אנטוישונג ביי מיין — דעמאָלט אכטיאָריקן — ברידערל, ווען ער איז נאָך צוויי זמנים לערנען אהיים־געקומען פון מיכאַלאָווקע און האָט מיט גדולה פאַר דעם טאַטנס, און אויך אונזער אַלעמענס אויגן, אויפגעעפנט די געהיימניספולע שפּאָר־קאַסעטקע און שטאַט זעקסערלעך געטראָפן בלעכלעך. מיין ברודער מרדכי האָט זיך א וואָרף געטון אויף דער ערד, געשריגן און געוויינט, געוואָלט זיך אוועקהרגענען, און געשריגן שוין מיט א הייזעריקן קול: — ווער איז דאָס געווען דער רויבער, ווער? — מען האָט אים נישט געקענט איינשטילן, דער טאַטע האָט אָנגעפילט צוריק די קאַ־

סעטקע מיט אמתדיק געלט, אָבער מרדכי האָט עס אוועקגעוואָרפן און געשריגן: — איך וויל נאָר מיינס, דאָס צונויפגעלייגטע! — די שפּאָר קאַסעטקע איז באמת געווען זייער קונציק געמאַכט און דעם סוד פון עפענען האָט איינציק און אליין געקענט וויסן דער באַזיצער. אָבער דאָך . . .

„דרעזועס מלמד" — מיין ערשטער דרדקי מלמד

מיין ערשטער דרדקי־מלמד איז געווען זייער א נישט סימפּאַטיש יידל. שוואַרץ און קליין, מיט א הויקער פון פאָרנט און פון הינטן. גערופן האָט מען אים „דרעזועס מלמד". ער האָט אוודאי געהאַט אן אייגענעם נאָמען, אָבער קיינעם האָט אים נישט געקענט. ווען איך דערמאָן מיך נאָך איצט אין זיין פּנים, שלאָגט מיר אויף צום ברעכן. דער שטערן פאַרוואַקסן, ווילד, פאַרקנייטשט, מיט ווילדע, גראָבע ברעמען; אָבער די קליינטשיקע, שוואַרצע אייגעלעך האָבן כלומרשט מאַלפּיש געלאַכט. די צעלייגטע — נאָענט צום שטערן אביסל שמאָלע, אָבער ווייטער איבער דעם גאַנצן פּנים צעפּלאַטשטע — נאָז, די שיטערע, געלע ציין, די בלוי־שוואַרצע ליפּן, די אונטערשטע ליפּ אוועק־שטייענדיק, דערצו נאָך דער טאַבעק פון די ברייטע נאָזלעכער, וואָס האָט זיך ביז אויף דער אונטערשטער ליפּ אראָפּגעשיט — האָט טאַקע באמת ארויסגערופן א גרויסן עקל. אָבער קינדער האָט ער געהאַט זייער שיינע און געזונטע.

דרעזועס מלמדיס בעלפער

צום גליק האָט ער געהאַלטן א בעלפער, וואָס פלעגט קומען צו אונז אהיים מיט מיר ברכה זאָגן. דורך דער פּוילישער דינסט רוזשקע, וואָס האָט מיך און מיין ברודער אויפגעכאָוועט און מיט אונז געשמועסט פּויליש, געדענק איך: איך בין דעמאָלט געווען עפּיס איבער צוויי יאָר. דער בעלפער האָט מיר געהייסן זאָגן צו צוויימאָל „נקבים, נקבים, חלילים, חלילים". האָב איך געזאָגט: זשעביש זדעכל, טא ניע פּאָוויעם דוואַ ראַזי נקבים, נקבים, חלילים, חלילים! (זאָלסט אפילו פּיגרן וועל איך נישט זאָגן צוויימאָל נקבים, נקבים . . .).

„משה קעקע" — מיין צווייטער מלמד

מיין צווייטער מלמד האָט געהייסן „משה קעקע". ער האָט אויך געהאַלטן א בעלפער. משה קעקע, דער מלמד איז שוין געווען א

בארטשיסטעטער און דיקלעכער, אָבער אויך די פּלייצעס איינגעבויגענע פון בייגן זיך מיט דעם טייטל איבער דעם סידורביים לערנען מיט די קינדער. דאָס פּנים — רויט, די באָרד — געל. קיין סך מי האָט ער זיך נישט געגעבן. אים איז נאָר געגאַנגען אין דעם צו האָבן וואָס מער קינדער. אויף קיינעם זיך נישט געבייזערט. איז טאַקע געווען אָנגע־טריבן עטליכע שאָק קינדער, מיידלעך מיט יינגלעך. די שטוב — א געגנוג קליינע און נידעריקע, אָן א פּאָדלאָגע. די רביצן — אז זי האָט אָפּגעזיגן די קאַרטאָפליעס, האָט זי געהאַט לעבן דער קיך אויף דעם א גריבל און נישט באַדאַרפט ארויסגיין אָפּגיסן זיי. אין דער איינער שטוב, ווו עס האָבן געלערנט עטליכע שאָק קינדער, איז געווען די קיך, די שלאָפשטוב. נאָך א גליק, וואָס זיי האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע קינדער. לעבן פענסטער, וואָס איז ארויסגעגאַנגען אין א לוקל אריין, איז געשטאַנען א גרויסער טיש צום לערנען. זומער — האָבן די קינדער, וואָס האָבן שוין געהאַט אָפּגעלערנט, ארויסגעשפּאַצירט אין דעם צוויי מעטער לאַנגען און איין מעטער ברייטן לוקל. אין איין עק טיש האָט געלערנט דער מלמד אליין, אין דעם צווייטן עק דער בעלפער. יעדעס קינד האָט געלערנט צווייםאָל אין טאָג. פּאַרנאַכט, פאַר דעם אהיימגיין, האָט דער בעלפער מיט אלע קינדער, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין דער מיט שטוב, אין קופּע צונויפגעפּרעסט ווי די שעפעלעך, געזאָגט בורא נפשות. דעם בעלפערס פונקציע איז אויך געווען אונז חדר־קינדער צו פירן צו יעדער קימפּעטאָרן, ווו עס איז געבוירן געוואָרן א יינגל, און יעדן פּאַרנאַכט ביזן ברית מיט אונז דאָרטן אָפּזאָגן קריאת שמע. דערפאַר האָבן אלע קינדער באַקומען צו עטליכע האָזענע ניסלעך און צו דער וואַכנאַכט — האָניק־קיכעלעך, קליינע ווי א פּאַרצייטישער פּירער. אויך איז געווען דעם בעלפערס פליכט פאַר די באַלעבאַטים, וועמעס קינדער האָבן געלערנט ביי זיין שעף, דעם מלמד, צו גיין איינמאַכן ציצית צו לייבצודעקלעך און טלית קטן׳ס. אויך איז דער בעלפער פאַר די באַלעבאָסטעס געגאַנגען צו א גייענדיק וואַסער טובלען דאָס נייע געשיר.

דער ברית פון מיין טאַטנס מעזינעק —
מרדכי

איך געדענק — ווען מיין מוטער האָט געבוירן דעם ברודער מרדכי צו עטליכע און פערציק יאָר, און געבליבן איז שוין פון די

פערצן קינדער, וואָס זי האָט געהאַט — נאָר פינף, און ער, מיין ברודער מרדכי איז געווען דער זעקסטער, האָט זיך דער טאַטע זייער געפרייט מיט אים. כאָטש דער טאַטע איז געווען קאַרג, האָט ער אויף דעם „זכר" אָנגעגרייט עטליכע פעסלעך ביר און עטליכע פּישטעקעס מיט געפעפערטן און געזאַלצענעם אַרבעס און זייער אַסך בלעכן מיט ציבאַלע־קיכלעך, אויך אויסגעזאָטן עטליכע הענער. ווער שמועסט אויף דעם ברית האָט מען צעעפנט אַלע טירן. דער בעלפער האָט צונויפגעטראָגן טישן און בענק פון אַלע שולן. איך מיט דעם טאַטן זענען געווען די קוואַטערס. איך בין דעמאָלט אַלט געווען פינף יאָר. דער טאַטע האָט מיך זייער ליב געהאַט און האָט מיך אַלעמאָל גערופן:

— קוואַטערין, ווו ביזטו?

די „רעשענקע"

איך געדענק נאָך די שיינע, רונדע „רעשענקע", וואָס דער טאַטע האָט באַשטעלט ביי אַ צוקער־בעקערן. די רעשענקע איז געווען געמאַכט אויף אַ ספּעציעלן קופּערנעם רונדן בעקן, אַזוי גרויס ווי אַ דנאָ פון אַ טויזנט־ליטער־פאַס. דער צוקערפּלאַדן אַרום סימעטריש גלייך און פלאַך פון אויבן אויסגעלייגט מיט אַ דעסען — אַ קראַנץ בלומען פון גרויסע ראָזשענקעס און מאַנדלען. אין דער מיט רעשענקע — מיט יידישע אותיות, אויך פון ראָזשינקעס און מאַנדלען — איז געווען אויסגעלייגט אַ גרויסער „מזל טוב" — און מיט לייש־גאָלד באַשיט. נאָך דעם יידישן דאָס קינד האָט מיך דער טאַטע מיט אַ גדולה צוגערופן: קוואַטערין הינדזיע, נאַ האָסט אַ גרויס שטיק רעשענקע!

* * *

מיין טייערער זון זכריה, מיין טייערער זון הערץ, מיין טייער אייניקל בלימע רות, מיין טייער אייניקל יאָסעלע — זאָלן אייך נישט לאַנגווײלן מיינע נאַרישע, קינדישע דערציילונגען. איך בין שוין אַלט זיבן און זעכציק יאָר און דער זכרון דינט נישט ווי געהעריק, דערצייל איך אייך פּשוטע זאַכן פון פריערדיקע יאָרן, וואָס איך דערמאָן מיך, אויך פון מיינע חדר־יאָרן — אפשר וועט עס אייך אַמאָל אינטערעסירן.

דער סאָנעקער מלמד

איך האָב נאָך געהאַט איין מלמד, האָט מען אים גערופן „סאָנעקער שוואָגער־מלמד". ווען עס האָט ווער געוואָלט אָנדינגען אַ קינד צו

אים — האָט ער געפרעגט: ווו ווינט דאָ דער סאָנעקער ... מלמד? קיין נאָמען האָט קיינער נישט געוווסט אָנצורופן. דער סאָנעקער מלמד איז נאָך געווען אין די דרייסיקער יאָרן. א בלאס פּנים, לאנגע, טונקלע פּאות, דער קאָפּ געגאָלט, די באָרד שיטער — מען האָט געקענט ציילן די האָר. די באקן איינגעפאלענע, קיין קינדער האָט ער נישט געהאט. דאָס ווייב זיינס — די רעביצן — האָט גענייט וועש. ער האָט שוין אפילו געהאט א גרעסערע שטוב, אָבער ווייניקער תלמידים. די קינדער האָבן נישט געוואָלט ביי אים לערנען. פונדעסטוועגן האָט מען דאָך ביי אים געלערנט. דאָס חדר האָט ער געהאט אין דער „רוסקער־אוליצע". איין תלמיד זיינער איז געווען טאקע פון דער „אוליצע". געהייסן האָט ער בערל קויפשטיין. איך קען נאָך ביז היינט נישט פאַר־שטיין וויאזוי איינענע טאטע־מאמע האָבן געקענט צולאָזן זייער אייגן פלייש און בלוט אזוי צו פּלאגן. בערל קויפשטיין איז געווען דער העלד פון דעם חדר פון „סאָנעקער שוואנץ־מלמד".

א „פּעקל" . . .

יעדן טאָג האָט אים דער מלמד געלייגט אויפן טיש, ארויסגע־שלעפּט דאָס העמדל, ווייל דאָס קינד איז נאָך געגאנגען אין גאנצע הייזלעך, און איינגעטונקען די רוט אין זאלץ־וואסער און אים אזוי געשמיסן, אז נאָך היינט — ווען איך דערצייל דאָס — שטייען מיר די טרערן אין די אויגן. אויך האָט ער אים געמאכט אָפּט א „פּעקל", דאָס הייסט, ער האָט אים ארויפגעלייגט אויף דעם טיש, ארויסגע־שלעפּט דאָס העמדל ביז צום האלז, אריינגעלייגט ברודיקע שמאטעס, צוגעבונדן דאָס העמדל מיט די שמאטעס ארום האלז, עס זאָל אויסזען ווי א הויקער, געגעבן אים אין דער האנט ארייַן א דראפּיק פון א בעזים, פארשמירט אים דאָס ווייסע, שיינע, ראָזע פּנימל מיט קוילן און אזוי געלאָזט שטיין ביז ביינאכט — נישט געגעסן און נישט געטרונקען.

אין מיינע און אין אונזער אלעמענס, די תלמידימס, אויגן האָט דאָס יינגל, בערל קויפשטיין, זיך מיט גאָרנישט פארשולדיקט. קיין לאבוז איז ער נישט געווען, נישט געטשעפּעט מיט קיינעם. איין סיבה האָט געקענט זיין — אפשר האָט ער געהאט אביסל א טעמפּן זכרון. אויך די עלטערן זיינע זענען נישט געווען זייער אָרים. . .

אויך מיידלעך פלעגט ער שמייסן, דער סאָנעקער מלמד. אין אזא פאל האָט ער זיך אראָפּגעשלעפּט זיין ארבל פון העמד אויף זיין

דלאָניע און אזוי פלעגט ער שמייסן—אויך אויף דעם מיידלס העמד— איבער דעם הינטערל. נישט מיט זיין בלויזער האנט און נישט אויף דעם בלויזן לייב.

די רעביצן דעם סאָניקער מלמדים ווייב

דאָס ווייב זיינס, די רביצן, ווי מיר קינדער פלעגן זי רופן, האָט די חדר־שטוב געהאלטן אין אָרדנונג, געוואשן, געקערט, די בעטן זייערע מיט ווייסע ליילעכער איבערגעדעקט, מיט ווייסע, געהאפטענע שפיצן ארייגעשטעקט אין קראווענדזש פון די בעטן. אליין איז זי אויך געווען א ריינע און א שיינע. אויף דעם געגאָלטן קאָפּ האָט זי געטראָגן א ווייסע, שיינע קופקע פון ליוונט. פון פאָרנט אויף דער קופקע א — מיט נאָדל גאָוורירט — שלארקעלע, אויפגעשטעלט אין דער הייך ווי א קרוין. פוןביידע זייטן קופקע בענדער ליוונטענע ארומגענייט מיט שפיצלעך און נידעריק צום האלז צוגעבונדן ווי א שמעטערלינג. דאָס פנים אירס איז געווען גענוג סימפּאַטיש. א ווייס, בלאס פנים מיט שווארצע ברעמען און שווארצע וויעס. אפילו א ברייטלעכע נאָז, אָבער זייער חנעוודיקע, בורשטינען־געלע אויגן און א באטעמט מויל.

זי, די רביצן, האָט די מיידלעך געלערנט נייען. אויך פלעגט זי אונז דערציילן אסך מעשיות פון גוטע יידן, צדיקים, גרויסע למדנים. דאָס האָט אויף מיר דעמאָלט געווירקט, אז איך האָב כסדר געקלערט וועגן פרומקייט, א גאנצן טאָג אָפּגעזעסן אין חדר, אויך אפילו גע־ גאנגען ווינטער ביינאכט לערנען חומש און געמיינט צו ווערן א הימל־מענש מיט פליגל...

משה־ראובן, אן אויפגעקלערטער־
מלמד־בעלפער

דער סאָנעקער מלמד איז אָבער באלד אוועק פון רעדים. און געקומען איז אויף זיין אָרט שוין אן אויפגעקלערטערער. געלערנט שרייבן יידיש און אונז אפירגעשריבן א „שורה פון א גריסל" און מיר האָבן דאָס נאָכגעשריבן. דער מלמד האָט שוין געהאט זיין אייגענעם נאָמען משה ראובן.

חנוכה האָט ער יעדן תלמיד אויסגעטיילט א צינערן דריידל, געמאכט פון די בלייערלעך, וואָס ער האָט פון די פלאָמבן פון מעלזעק אראָפּגענומען אין א מעל־סקלאר. ער האָט זיי געגאָסן אין א היל־

צערנער פאָרם. ער האָט אויך מיט אונז, קינדער, געשפּילט אין דריידל. די דריידלעך זענען געווען פיר־עקיקע מיט פיר אותיות: נ, ג, ה, ש. אויסגעטייטשט אונז די אותיות: נאט, גנב, האקט שלעסער... ביים שפּילן, ווען דאָס דריידל איז געפאַלן אויף דער גימל — גוט — האָט מען געוווּנען. ווען עס איז געפאַלן אויף נון — נישט, אויף שין — שלעכט, הא — האלב געוווּנען. ער פלעגט מיט אונז אויך שפּילן אין „דאָמיניק", וואָס ער האָט אליין אויסגעשניצט פון האָלץ, און די פּינטעלעך אויסגעברענט מיט א גליענדיקן דראט. דער דאָמיניק איז געווען זייער סימעטריש געמאכט, פּונקט ווי א געקויפטער. ווען ער האָט געשפּילט מיט אונז האָט ער זיינע שטיינער געהאלטן אָפן און דאָך גיכער געוווּנען ווי מיר.

מענדעלע מלמד

אייגנטליך איז משה ראובן נישט געווען קיין אויסגעשפּראָכענער מלמד. ערשטנס איז ער געווען נאָך נישט קיין באווייבטער און נאָך זייער א יונגער. איז ער טאקע געווען ביי מענדעלע מלמד א בעלפער. אָבער גלייכצייטיק דער גאנצער בשעת מעשה... ער האָט געלערנט יידיש־שרייבן. אים האָבן מיר, קינדער, געהאלטן פאר דעם אמתדיקן, באפּולמעכטיקטן רבין, אים געהארכט. מענדעלע מלמד האָט פאר אונדז, קינדער, נישט עקזיסטירט. ער איז נישט געווען ענערגיש. צי מען האָט אריינגעקוקט, אָדער נישט אריינגעקוקט אין סידור, ווען ער האָט מיט זיין ווייס, ביינערנעם טייטל געטייטלט אויף דעם אות, אָדער וואָרט — האָט ער תמיד נאריש גלייכגילטיק געשמייכלט. אויך דאָס אויסזען זיינס איז געווען לעקישעוואטע. א נידעריק, שמאָל יידל מיט א ווייס פּנימל. די בלאָנדע האָר אויפן קאָפּ — שיטערע. דעס־גלייכן די באָרד און וואָנציעס. נאָר נאָך מער ליכטיק בלאָנד און נאָך שיטערער, אזוי אז איין האָר האָט געזוכט די צווייטע און — כמעט אויף דעם ווייסן פּנים — נישט אָנזעעוודיקע. אויך די ציין זענען געווען שיטערע. פּאות האָט ער געטראָגן גאנץ קליינע. די גאנצע טראכט זיינע איז געווען ריין און — אין דעמאָלטיקע צייטן — שוין „דייטשמעריש".

נאָך וועגן משה ראובן

משה ראובן איז געווען סימפּאטיש — אויך שוין פאר מענדלען. ער האָט געהאט א שיין, קלוג פּנים מיט נאָך קליגערע, שיינע, גרויע,

גוטמוטיקע אויגן. ער האָט געהאט א שווארצן, געדיכטן קאָפּ האָר. דאָס פּנים נאָך נישט באוואקסן — און שווארצע, קלײנע פּאות. ווינטער האָט ער געטראָגן א קורטקע מיט בארענקעס אונטערגענייט און אויף דעם האלז א רויט שאליקל. משה ראובנען געדענקט מען נאָך ביז היינט, ווייל ער איז געווען אין רעדים אסך יאָרן בעלפער — ביז מען האָט אים אָנגעשטעלט אין א וואלד אלס בראַקער. ער האָט זיך אזוי ווייט אויסגעארבעט, ביז וואנען ער איז אליין געוואָרן א וואלד־סוחר.

נאָך משה ראובנען, דעם בעלפער, האָב איך נאָך געהאט אסך יידי־שע לערער.

„איין לעמבערגער לערער" . . .

איינער פון די לערער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אריינקומענדיק צו אונז אהיים: איך בין איין לעמבערגער לעהרער! — איך געדענק נאָך היינט וואָס פאר א נארישן איינדרוק עס האָבן אויף מיר געמאכט אָט די פינף ווערטער: איך בין איין לעמבערגער לעהרער . . . און ער האָט טאקע מער נישט געקענט ווי זיך פאָרשטעלן. אָבער געלערנט האָב איך ביי אים. ער האָט אונז, קינדער, דיקטירט מעשיות פון טויזנט און איין נאכט און אויך פון א מעשה־בוך.

אַלפרעד אַקסעלראָד, א לערער פון סטרי

איין לערער פון דער שטאָט סטרי, אויך א גאנצער דייטש — געהייסן האָט ער אלפרעד אקסעלראָד — איז געקומען צו אונז אהיים און האָט געלערנט מיך און מיינע נאָך דריי חברטעס אין דעם קליינעם קינדערשטיבל. ער האָט אונז געלערנט דייטש און יידיש־דייטש. איך געדענק אפילו וואָס פאר א ביכלעך ער האָט מיט אונז געלעזן. דאָס ערשטע — ראבינזאן. איך געדענק ווי איינע פון מיינע חברטעס האָט אנשטאָט „קאפּיטל" געלייענט „קאפּיטאל" און האָט בראָק און זי ווידער דאָס זעלבע: קאפּיטאל. שפּעטער — געדענק איך — האָט ער אונז געהייסן קויפן א בוך, „די ראָזע, פון סאָנינאָ" און נאָך א צווייט בוך, וואָס זיין נאָמען געדענק איך שוין נישט. מיר האָבן טאקעביידע ביכער נישט באקומען און נישט געלעזן. דער לערער — א שיינער און א יונגער — האָט, ווייזט אויס, געמוזט זיין פארליבט און צוליב א — פאר אונז, קינדער, נישט באקאנטער סיבה — פאר־

יאָגט פון זיין היים. ער האָט נעבעך שטענדיק געקרעכצט און אונזערע שרייבהעפטן באשריבן מיט:

„פאני אקפאן — ווארום ביסט דו זאָ מיילען־ווייט ענטפערנט פאָן מיר?"

ווען ער פלעגט אוועקפאָרן אויף עטליכע טעג פלעגט ער צוריק־קומען א שטארק בלאסער און נאָך מער אומעטיק און אין זיך געקערט. איינע פון זיינע שילערינס האָט דווקא זיך איבער זיין טרויער לוסטיק געמאכט און אָנקוקנדיק זיין פארבענקט פּנים, אָן א פארוואָס און אָן א פארווען, ארויסגעפּראלט מיט א הויך געלעכטער. און דער לערער נעבעך, ווייזט אויס, איז נישט געווען אויף דעם עולם און נישט רעאגירט.

איגנאַצי בירן, א לערער פון יערסליוו

נאָך דעם סטריער לערער איז געקומען א לערער איגנאַצי בירן פון יערסליוו. דער איז שוין געווען א „גאנצער גוי". ער האָט אויך־געלערנט אין דער פּוילישער שול. איך מיט מיין ברודער נטע זענען געגאנגען צו אים אהיים אויף לעקציעס. ער האָט געוווינט ביי אייער טאטנס א פעטער, יונה בערגנער. געלערנט האָט ער זייער גוט, פון יעדער לעקציע האָט מען עפּיס געלערנט. געלערנט האָט ער נאָר דייטש און פּויליש. אויף זיין צורה איז נישט געווען קיין שפּור פון א ייד. א קיילעכדיק פּנים מיט אן ארויפגעשארצטער נאָז, א טונקל בלאָנדע טשאָפּרינע, דאָס ווייסלעך־ראָזע פּנים פול מיט קלייען, די בלויע אויגן באברילט, קערפּערלעך גוט אנטוויקלט, ברייט פּלייציק, לויט זיין עלטער געֶנוג פעט. צום פרישטיק פלעגט אים די מומע דבור'טשע בערגנער, לויט זיין פארלאנג, ארייננשיקן ביז אכט געקאָכטע ווייכע אייער מיט פיר גרויסע זעמל, מיט אסך פּוטער באשמירט. אָפּגעגעסן אזא פרישטיק — האָט ער זיך א לאָז געטון איבער די צוויי גרויסע צימערן מיט גלאנציקע, פּראָטערירטע פּאָדלאָגעס טאנצן א מאזורקע אָדער א קראקאָוויאק. פון זיין שוועסטער פלעגט ער אָפּ־הוזקן ווי זי שמועסט דייטש: טיש־טאש, שפּיגל־שפּאגל, בענקל־באנקל.

דער אלטער בארנבוים

מיט עטליכע חדשים שפּעטער איז נאָך צוגעקומען א תלמיד, מיין שוועסטער מירלס זון מרדכי פון מיכאלאָווקע. ער איז געווען א גרויסער לאָבוז. דעמאָלט איז דער לערער בירן שוין געקומען צו אונז

אהיים לערנען. ווען דער לערער פלעגט קומען איז מיין נעפע מרדכי נישט געווען. איך האָב אים מייסטנס געפונען אויף דעם שכנס באַרן־בוים און אים אריינגעשלעפּט צו דער לעקציע. איך האָב מיך אויף מיין — אסך יינגערן — נעפע מרדכי נישט געחידושט ווייל אויך מיך און אלע שכנים פון ארום דעם, שוין אלטן און שטארק באצווייגטן, באַרן־בוים האָט עס געצויגן ווי מאגנעס צו אים. עס האָט געצויגן צו אָט די קליינע, ווי פּאַרפום שמעקנדיקע, מאגאזשאַטקעס. צו דעם האָבן זיי נאָך געהאט א שיין פּנים אויך. ווען זיי זענען אראָפּגעפאַלן פון בוים צייטיקע האָבן זיי אויסגעזען ווי פּיסאַנקעס געמאָלענע — אינגאנצן געל — מיט ראָזע באהויכט... דער בוים האָט נעבעך געהאט, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו צייטיקן, פון אונז, קינדער מייסטנס יינגלעך, אסך, זייער אסך אויסצושטיין. ער איז נאָך היינט דאָ — אָבער שוין זייער א געבויגענער זקן. און אויך די באַרלעך זיינע זענען שוין נישט די זעלבע. איך וויים — — אפשר איז דאָס דערפאר ווייל איך בין שוין אלט און קליין זיי נישט בגנבה... אפילו אויף אונזער זייט פּלויט זענען די צווייגן געווען אריבערגעוואקסן און מיין געוועזענע שכנטע האָט מיר אויך דאָס יאָר געברענגט פון זיי צו פאַרזוכן.

איך דערמאָן מיך דאָס פארגנוגן וואָס איך האָב אָפטמאָל געהאט, ווען עס איז מיר געלונגען אמאָל אין אלער פרי, און אמאָל אין א גאָס רעגן, ווען קיינער איז נישט געווען, אָנצוקלייבן א גאנצן פּאָדעליק צייטיק־אראָפּגעפאלענע — פון רעגן אָדער ווינט — די גרעסטע און שענסטע בארעלעך און מיך מיט דעם פאנג צו רייצן מיט מיינע חברטעס. דאָס איז געווען מיט א זעכציק יאָר צוריק .איך בין שוין אלט און אויך דער באַרן־בוים איז שוין אלט און מען ווארפט נאָך היינט שטיינער אויף אים און ער טראָגט נאָך אלץ פּירות...

איגנאַצי בירן שמדט זיך

איצט קער איך מיך צוריק צו מיין נעפע מרדכי. ווען ער איז שוין יאָ געווען אמאָל ביי א לעקציע, ביי דעם לערער בירן, האָט ער פון דער לעקציע אסך געלערנט. ער האָט געהאט א גוטן זכרון און דער לערער איז געווען א טיכטיקער פּעדאגאָג. דער לערער איגנאַצי בירן איז פון רעדים אוועק אין דער שטאָט קאמיאָנקא־סטרומילאָווא. צי מען האָט אים איבערגעשיקט, צי ער האָט זיך אליין געסטארעט ער זאָל אוועק — ווייל ער האָט זיך גשמדט און זיך געשעמט צו זיין

נאָענט פון זיין היים יערסליוו — איז נישט באַוווּסט. מיין ברודער נטע האָט אָבער כסדר מיט דעם לערער זיך איבערגעשריבן קיין קאַמיאָנקאַ־סטרומילאָווע. דערפאַר האָבן מיינע עלטערן אים פאַר־דעכטיקט, אַז ער וויל זיך שמדן. ער האָט געלעזן דעמאָלט שילערס ווערק — האָבן די עלטערן די ביכער פאַרניכטעט און געשריגן צו אים: — טריף־פּסולס ווּעסטו האַלטן אין אונזער שטוב, דו שייגעץ, דו גוישער יונג! — ער האָט אָבער דאָך בגנבה, די עלטערן זאָלן נישט וויסן, די בעסטע קלאַסישע דייטשע ווערק שטודירט.

מיין ברודער נטעס קאַמף פאַר
אייראָפּעישער טראַכט

ווען ער איז אַ חתן געוואָרן, מיין ברודער נטע, האָט ער נאָך געטראָגן שבת צום דאַווענען אַ קאָלפּאַק. ווען ער איז געפאָרן צו זיין כלה קיין יערסליוו — און זי, די כלה, האָט אַוודאי גיכער געוואָלט ער זאָל זיין אייראָפּעיש אָנגעטון — האָט דעמאָלט דער טאַטע אויף אים געשריגן פאַרוואָס ער גייט די הויזן איבער די שטיוול (דאָס האָט מען גערופן „פּאַנטעלאָן") און נישט די הויזן אַריינגעשטעקט אין די שטיוול. געטראָגן האָט ער נאָך אין דער וואָכן אַ ביבער־קאַפּעליטש און אַ לאַנגען איבערציער.

איך דערמאָן מיך אָן אַנעקדאָט, אַ זאַך וואָס מיין ברודער נטע האָט אָפּגעטון דעם טאַטן. שוין עטליכע יאָר נאָך דער חתונה האָט מיין ברודער פאַרלאַנגט, אַז דער טאַטע זאָל אים מאַכן אַ סויבל־פּעלץ. געשיקט שתדלנים צום טאַטן און אים אַליין געבעטן, עס האָט אָבער געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. איינמאָל פאַלט מיין ברודער איין אַזאַ שפּעקולאַציע; אַזוי ווי דער טאַטע האָט פון אים פאַרלאַנגט ער זאָל טראָגן גאַנץ יידישע קליידער, אין שול אַריין אפילו אַ שטריימל, גיט ער פּלוצלונג אום שבת אַ קום אַריין אין שול — דאָ ווו דער טאַטע האָט גֶעדאַוונט — אין אַ צילינדער. נו, נו — זאָלט איר מיך, קינדער, גאָרנישט פרעגן וואָס דעמאָלט האָט זיך געטון אין גאַנץ רעדים. צוערשט איז דער טאַטע בלייך געוואָרן ווי די וואַנט און שפּעטער רויט און אַלערליי פאַרבן. און געזאָגט האָט ער: — אָדער האָט ער מיר אָנגעטון אַ בושה! געוואָרן אַ דייטש!

מיין יינגסטער ברודער — מרדכי

מיין יינגסטער ברודער מרדכי איז געווען ביי די עלטערן דער „בן־זעקיניק" (בן זקנים). די מאַמע האָט אים געהאַט שוין אויף די

עלטערע יאָרן. געהאט זייער א שווער טראָגן און א שווער האָבן. האָבן איםביידע — דער טאטע און די מאמע — געפּיעשטשעט. איך פלעג שלאָפן מיט דער מאמען אין איין בעט. איך געדענק, אז איינמאָל פארנאכט — אום זומער — האָט די „באבע" שיינדל געבעט דער מאמעס בעט און אונטערגעלייגט א קאָלירטן אונטער־ראָק דער מאמעס. האָב איך פּראָטעסטירט און וועלנדיק כסדר ארויסווארפן פון בעט דעם אונטער־ראָק, האָב איך מיך מיט שיינדל, דער אלטער באָבען, גע־שלאָגן. איך האָב געוויינט און הויך געשריגן, אז איך וויל נישט אזא שמאטע אין מיין בעט. מיין עלטערע שוועסטער לייטשע — מיט א צען יאָר עלטער פון מיר — האָט מיך אוועקגענארט און מיר צוגע־זאָגט צו קויפן סאָדע־וואסער מיט ציטראָנען־זאפט. אזוי ארום האָט מען מיך געפּטרט פון בעט ארויס. און טאקע דעם אנדערן טאָג האָט מיר די באָבע געוויזן א ניי ברידערל.

א פירער פאר־א שנעל אין נאָז

מיין ברודער מרדכי האָט זייער ליב געהאט געלט. פלעגט דער טאטע זיך מיט אים שפּילן און מיט אים מושווה זיין א פירער פאר א שנעל אין דער נאָז. דער טאטע פלעגט זיך מיט אים אזוי אוועקשפּילן עטליכע שעה און מיין ברודער מרדכין נישט מיד מאכן. די נאָז זיינע איז שוין געווען פון דעם שנעלן רויט ווי א בוריק. און ער האָט אלץ געוואָלט נאָך און נאָך פירערס. ווער שמועסט ווען ער איז נישט געזונט געווען, געלעגן אין בעט, איז דער טאטע געזעסן לעבן אים אויף דעם בעט און אנגעשאָטן א פולע דעקע מיט פירער פאר דעם שנעלן. ביי דעם האָט דער טאטע זיך געטרייסלט פאר לאכן און פארגעניגן.

מיין ברודער מרדכיס אייגענע שפּראך

אויך האָט זיך מיין יינגסטער ברודער געמאכט אן אייגענע שפּראך. ביי יעדן וואָרט צוגעגעבן אויף'ס לעצט א למד און נאָך אלערליי ענדערונגען. די קעכין האָט געהייסן בלומע — האָט ער זי גערופן בלימערל. ווען זי האָט איינגעזעצט אין אויוון דאָס ברויט — האָט ער צו איר געזאָגט: בלימערל, בלימערל — פלוטש איין דאָס ברויט און זוין איין קעסודער... און צום יידישן עקאָנאָם פלעגט ער זאָגן: הערשערל, דו האָסט א בערדערל און דו ביסט א חזירל... אָדער: טאטערל, קויף מיר איין פּאקערל. דאָס איז געווען אזא מין צוקער־

פייג אויף א שטעקעלע און האָט זיך גערופן: פּאָס. די מאמע האָט ער גערופן „מיימעשי”. איינמאָל — געדענק איך — האָט די מאמע אים געברענגט „חמשה־עשר”, האָט ער זי געקושט און געלאַשטשעט זיך צו איר זאָגנדיק: — מיימעשי, מיימעשי, אז מען גייט איינקויפן גיט מען צו צעטל־געלט א טייטערל?

דער ברודער מרדכי האָט מייסטנס געלערנט אין מיכאַלאָווקע ווייל די שוועסטער מירל האָט געהאַט אסך זין, האָט מען דאָרט אויסגעהאַלטן א מלמד. האָט אויך דער ברודער מרדכי דאָרט געלערנט. קיין קאָלפּעק האָט ער שוין נישט געטראָגן און אויף זיינע הויזן איבער די שטיוול — פּאַנטעלאָן — האָט דער טאַטע שוין נישט רעאַגירט. ווען מרדכי איז א חתן געוואָרן, האָט ער מיך געבעטן, אז איך זאָל אים שרייבן די ליבעס־בריוו צו דער כלה אויף פּויליש.

מיין ברודער מרדכיס „פּלאָגן־זיך”

מיין בהודער מרדכי איז נאָך פיר־מאָל געשטאַנען צו דער „אסענ־טירונג”. (שפּעטער איז מען געשטאַנען בלויז דריימאָל). יעדעס יאָר פאַר דעם שטעלן פלעגט ער זיך פּלאָגן מיט אלע יידישע שטעלערס. גאַנצע נעכט אויפזיין. און בייטאָג זיך אויך נישט לייגן אין בעט אריין, נאָר דרימלען אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף דעם טיש און אונטער־געלייגט די האַנט. איין אויף דער נאַכט איז ער אַזוי דרימלענדיק געזעסן מיט זיינס א חבר, אויך א שטעלער, אין דעם קינדער־שטיבל. איך בין שוין געלעגן אין בעט און — נאָך נישט שלאָפנדיק — האָב איך געהערט ווי מיין ברודערס חבר זאָגט: — איך וועל דיר פאַרשרייבן א רעצעפּט, אָן־אויסגעפּריוווטן שוין אויף מיר. נעם דיר לעזן א ראָמאַן, וועסטו פאַרגעסן אין שלאָף. איין מאָל — שוין פאַרן שטיין צו דער פערטער קלאַס פון דער מיליטערישער אסענטירונג — מיט א טאָג צופריער, האָט זיך מיין ברודער אייגנס אָנגעשיכורט, כדי ער זאָל אין דער פרי, פאַרן שטעלן זיך, שלעכט אויסזען. ער איז געקומען צו מיר אין דער וווינונג און יאָמערליך געוויינט און געשריגן: — א שאָד, וואָס איך האָב געלערנט אכצן יאָר אביי ורבא... און זיך געהאַקט מיט זיינע פויסטן אין קאָפּ אריין. מיין זון משה איז דעמאָלט אלט גע־ווען דריי יאָר. דערזעענדיק זיין פעטער שיכור, האָט ער אָנגעהויבן צו וויינען און בעטן: — וואָיטשיאָ, ניע פּלאַטש, באָ פּאָליציאַ טשיען וועזשמיע דאָ ארעשטו. (פעטער וויין נישט, ווייל די פּאָליציי וועט דיך נעמען אין ארעסט אריין). און דער — מיט אָנדערטהאַלבן יאָר יינגערער

זון — טאקע דו, זכריה, האָסט אויך מורא געהאַט מען זאָל דעם פעטער מרדכי נישט שלעפּן אין אַרעסט אריין. דעם אַנדערן טאָג איז מיין ברודער מרדכי געפאָרן קיין יערסליוו צו דער אַסענטירונג. ווי מען האָט אים נאָך באַפרייט האָט ער אַהיים טעלעגראַפירט די ווערטער: „זאָהן חפשי". איך האָב מיך זייער געפרייט. פאַר דער אומאָרדנונג, וואָס ער האָט מיר אָנגעמאַכט, און פאַר דעם איבערשרעקן אייך, קינדער, האָט מיר דער ברודער געקויפט א גרויסן, פּלושענעם טעפּיך צו לייגן אונטערן טיש.

איך געדענק אויך ווי דער טאַטע האָט זיך מיט מרדכין געמאַכט א שפּאַס. ווען דער ברודער איז שוין געווען א חתן האָט אים דער טאַטע געגעבן צו האַלטן א פּופּציקער און אים געפרעגט: האָסט ליב געלט, האַ? — האָט זיך דער ברודער מכלומרשט נישט געמאַכט פאַרשטייענדיק און דעם פּופּציקער נישט געוואָלט אָפּגעבן. געווען זענען עס פּופּציק גולדן.

יאָ, ער האָט זייער ליב געהאַט געלט, מיין ברודער מרדכי. און טאַקע אַלס מעזיניק פון די זין האָט ער באַקומען נדן פינף טויזנט רייניש. און די כלה זיינע האָט באַקומען אַכט טויזנט רייניש, אָדער — שוין דעמאָלט — זעכצן טויזנט קראָנען. ווען דער קריג האָט אויסגעבראָכן האָט מיין ברודער שוין פאַרמאָגט ביי פּופּציק טויזנט קראָנען עסטרייכישע וועהרונג. ער האָט איצט דריי טעכטער. צוויי וווינען אין דער שווייץ. איין טאָכטער איז א דאָקטאָר אין א שפּיטאָל אין באַזעל, די צווייטע איז מאַגיסטער אין ציריך אין אַן אַפּטייק. ער האָט דאָס פאַרמעגן זיינס, וואָס ער האָט געירשנט פון טאַטן בשעתן קריג, אויסגעגעבן ביז צו א גראָשן פאַר די צוויי טעכטער, וואָס האָבן שטודירט אין אויסלאַנד אין דער שווייץ.

מיין שוועסטער לייטשעס ערשטע
חתונה

מיין שוועסטער לייטשע איז געשטאָרבן אין יאָר 1935 אין עלטער פון 75 יאָר. חתונה געהאַט האָט זי צו זיבעצן יאָר. איר חתונה געדענק איך אַזוי ווי אין חלום. איך געדענק ווי נאָך דער חופּה — מען האָט זיך שוין געגרייט צו דער סעודה — איז דער מאַרשעליק אַריינגעריטן אויף א פערד זינגענדיק א פּויליש ליד. איך האָב מיך זייער דערשראָקן און פאַר גרויס שרעק אַראָפּגעפאַלן פון דער באַנק וווּ איך בין געשטאַנען.

שלמה־זלמן, מיין יונג־פארשטאָרבענער שוואָגער

דער ערשטער מאַן מיין שוועסטער לייטשעס האָט געהייסן שלמה זלמן. ער איז געווען זייער א שיינער מענש. געקרויזלטע קאַשטאַנען־ברוינע האָר. א שיינע גריכישע נאָז, לאַכנדיקע גוטע, ברוינע אויגן, אַלץ אין אַלעם די פארב פון א בלאָסן ברונעט, דערצו זייער שיין געוואַקסן. מיין פאָטער האָט אים זייער ליב געהאַט. שלמה זלמן האָט אים געפירט די ביכער, געהאָלפן ביים תבואה־האנדל. איינמאָל איז ער מיט מיין שוועסטער לייטשע, זיין ווייב, ארויסגעפאָרן אויף שבת־חנוכה קיין מיכאַלאָווקע. זונטיק — אַז זיי האָבן זיך צוריקגעקערט געזונט און פריש — האָט אים א שוסטער אָפּגעברענגט נייע שטיוול. אָנמעסטנדיק די ענגע שטיוול, און נישט קענענדיק זיי ארויפציען, האָט ער זיך אַזוי אָנגעשטרענגט, אַז ער איז באַלד אויפן אָרט קראַנק געוואָרן. מען האָט געבראַכט צוויי דאָקטוירים יערסליווער און זיי האָבן שוין אויך נישט געקענט העלפן. ער איז אין עטליכע טעג ארום געשטאָרבן, זייענדיק אַלט סך הכל צוויי און צוואַנציק יאָר. איבערגעלאָזט א טעכטערל פון אָנדערהאַלבן יאָר — ריוועטשע.

מיין טאַטע באַווייַנט שלמה זלמנען

איך געדענק ווי דער טאַטע האָט אים, דעם געליבטן איידעם, נישט געקענט פארגעסן. איך פלעג דעם טאַטן אַסך מאָל טרעפן אויף דעם בוי־דעם איבער שלמה זלמנס איבערגעלאָזטע כתבים באַגיסנדיק זיך מיט טרערן און הויך כליפּענדיק. אויס נייגעריקייט פלעג איך אויך צוגיין צו אָט דעם קיישל פון טרויבן און באַקוקט די כתבים מיט בלויער טינט געשריבן. די אותיות רונד און קליין ווי רונדע פערל — אָרלעאַנקעס. וואָס דאָרט איז געווען געשריבן האָב איך נישט פארשטאַנען. עס איז געווען א פול קיישל מיט אַזעלכע שיינע, אָנגעשריבענע מיט בלויער טינט פּאַפּירן. שיין און אין אָרדנונג צוזאַמענגעלייגט, נאָר אַביסל — פון טאַטנס טרערן — די טינט צעפלייצט.

ריוועטשע — זיין טאָכטער — קומט נאָך איצט אויף קבר אבות צו איר יונג־פארשטאָרבענעם פאָטער, וועלכן זי האָט אפילו נישט געקענט. זי איז דאָך ביי איר פאָטערס טויט אַלט געווען אפשר אָנ־דערטהאַלבן יאָר — ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט.

אויך איך האָב מיין שוואָגער זייער ליב געהאַט. ער פלעגט זיך מיט מיר ווויצלען און מיך אויסלערנען פארשידענע רעטענישן. ווען

מיין שיינער, גוטער שוואָגער שלמה זלמן איז אזוי שווער קראַנק געוואָרן, האָב איך — קענענדיק שוין אביסל יידיש שרייבן — אויף אלע טישן און בענק אָנגעשריבן מיט קרייד — ער זאָל לעבן . . . און די גאַנצע צייט פון זיין קראַנק זיין געבעטן גאָט ער זאָל צוריק געזונט ווערן. איך האָב אים לאַנג, לאַנג נישט געקענט פאַרגעסן. איך פאַרשטיי נאָך ביז היינט נישט די סיבה פאַרוואָס מיין שוועסטער ליטשע האָט אזוי ווייניק נאָך אים געטרויערט . . .

ריוועטשע, שלמה זלמנס טאָכטער

די טאָכטער זייערע — ריוועטשע — איז שוין אלט געוועזן אָנ־דערטהאלבן יאָר. זי איז געוועזן פון א צווילינג. דאָס אנדערע מיידל פון דעם צווילינג איז גראָד געבאָוועט געוואָרן אין דער היים, געהאט זייער א גוטע אם און איז דאָך געשטאָרבן נאָך פיר וואָכן. ריוועטשען האָט מען געהאט אוועקגעגעבן צו אן אָרימער, אין דהקות לעבנדיקער, פרוי פריידעלע די קעמערין. מיין שוועסטער ליטשע האָט געהאט זייער א שווער האָבן און אסך יאָרן געשוועבט צווישן לעבן און טויט. ווען מען האָט דאָס קינד — ריוועטשע — פון דער פרוי אהיימגענומען איז עס געוועזן זייער פאַרנענדזעט און פאַרנאכלעסיקט. האָט מען צו איר צוגענומען א גוטע, געזונטע אם — ראָזיע האָט זי געהייסן. און דער טאטע האָט זי נישט געלאָזט אָפּשאפּן. די אם ראָזיע האָט ריוועטשען שוין געניאַנטשעט ביז פינף יאָר.

ריוועטשע פלעגט אָפט קראַנק ווערן אויף ווערים און באקומענדיק היין האָט זי זייער גענודיעט און געשריגן: ראָזיע שפּיוואי פּטאַשעק — (ראָזיע זינג א פויגל). דער טאטע איז ביי איר געשטאַנען גאַנצע נעכט ביים וויגל. און ווען זי איז געזונט געוואָרן — איר נאָכגעקרימט: ראָזיע שפּיוואי פּטאַשעק. — ווען די אם איז נאָך פינף יאָר אוועק קיין יערסליוו האָט זיך ריוועטשע אמאָל נאָך איר פאַרבענקט און איך אויך. און איך בין מיט ריוועטשען געפאָרן צו איר קיין יערסליוו — ווו ראָזיע האָט שוין געהאט אויפגענומען א פּאָסטן ביי א סענדזע.

אייער מומע — מיין שוועסטער ליטשע — האָט געגעסן אייביקע קעסט ביים זיידן און ריוועטשען, איר טאָכטער, האָט דער טאטע גע־האלטן בעסער ווי די אייגענע קינדער. אלין צוליב רחמנות וואָס זי איז געבליבן אזוי יונג פאַריתומט.

לייטשע מיט די פולע קעשענעס
צייטונגען

דער צווייטער מאן לייטשעס, הערש וואָלף, איז געווען א בחור. דעם האָט איר דאָך — קינדער — געקענט. מיין שוועסטער לייטשע האָט געטראָגן א שערין מיט צוויי גרויסע, טיפע קעשענעס. די קעשענעס זענען געווען תמיד פולגעפאקט מיט צייטונגען. די ערשטע צייטונג איז געווען דער „ווינער איזראעליט" אויף יידיש־דייטש. שפעטער האָט איר די שניידערין רויזע־מינדל, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געהאט פאמיליע אין אמעריקע, געליפטערט גאנצע פעק יידישע צייטונגען. רויזע־מינדל האָט זיי דעמאָלט אָנגערופן: יידישע ראָמאנען־געשיכטן. אויף אלעם איז מיין שוועסטער געווען א בעלן. זי פלעגט אויך נאָכדערציילן פון אירע לערער. עס ווייזט אויס, אז פאר לאנגע צייטן זענען די פריוואטע לערער בעסער געווען ווי די היינטיקע שולן. די שוועסטער לייטשע האָט געהאט זייער א שיינע יידישע קאַלי־גראַפישע, רונדע שריפט. אויך פויליש־דייטש האָט זי גוט געשריבן. זי פלעגט דערציילן פון איין לערער וועלכן מען האָט גערופן „דער גראָ־בער לערער", אז ווען מען האָט צו אים געזאָגט: — עס ליגט מיר אויף דער צונג... האָט ער געענטפערט: — נעם עס אראָפּ און זאָג שוין גיכער.

נאָך דער מאמעס אָפּשטארבן פלעגן לייטשען אלע אייניקלעך, אויך איר — מיינע קינדער, רופן: באַבטשיאַ לייטשיאַ, דאַי נאַם שבת־אויבסט!

אברהם משה — לייטשעס מופת־קינד
פון קאָמארנער רבין

מיט איר מאן הערש וואָלף האָט לייטשע צען יאָר נישט געהאט קיין קינדער. ערשט אז עס איז געקומען דער אלטער קאָמארנער רב, דעם פעטער לייבוש רב חיימלס משפחה, איז די שוועסטער לייטשע מיט איר מאן צו אים געגאנגען מיט א קוויטל, מיט א פדיון. דער רבי האָט זיך אויסגעבאָטן געלט. וויפיל — געדענק איך נישט. און זי האָט טאקע באלד געווונען א זון — אברהם משה. ניין... עס איז נישט צום לאכן. ביי אסך ווייבלעך, וואָס האָבן נישט געהאט קיין קינדער, האָט זיך דער קאָמארנער רבי אויך ביי זיי אויסגעבאָטן א גרעסערע סומע. איין ווייבל האָט אכצן יאָר נישט געהאט קיין קינד און ביי איר האָט דער רבי באוויזן א מופת. ער האָט דאָס גאנצע

געלט אָבער פאַרטיילט פאַר נויטבאַדערפטיקע. אַזוי — גערענק איך — האָט מען נאָכדערציילט.

אברהם משה ווערט א סטודענט

און דווקא דאָס רבישע קינד אברהם משה האָט מען געגעבן צו שטודירן. וואָס עס האָט זיך דעמאָלט געטון אין שטעטל — קען מען גאָרנישט איבערגעבן אזא רעש. ס'טייטש לייטשעס זון שטודירט. גע־לערנט האָט ער אין יערסליוו אין דער רעאַל־שולע. ווען ער פלעגט אהיימקומען האָט ער זיך איבערגעטון דעם סטודענטישן מונדיר און אַפּירגעשאַרט די פּאות. ווען ער פלעגט פאָרן אין שול האָט ער די פּאות באַהאַלטן הינטער דעם אויער. מען האָט אים צוגערופן:

סטודענט, סטודענט,
האַלט די הויזן אין די הענט...

שוין איז געווען ווי ער פלעגט אהיימקומען און זיך אָנטון דאָס לאַנגע איבערציערל און ·דאָס סאַמעטענע קאַפּעליטשל מיט די צוויי גלייכע פּאהלעך — גלייך גאָרנישט ער. יעדעס מאָל האָט ער זיך געפירט אזוי, ביז צו דער מאַטורע.

לייטשעס קינדער

מיין שוועסטער לייטשע האָט מיט איר צווייטן מאַן הערש וואָלף געבוירן דריי קינדער. צוויי זין און איין טאָכטער. דער עלטסטער אברהם משה — פון דעם קאָמאַרנער רבינס מופת — איז אינזשעניער און שוין היינט אַלט ביי 50 יאָר. דער צווייטער זון אירער — איצעק — איז אדוואָקאַט. ער איז זייער טיכטיק און וואָלט געקענט זיין דער צווייטער אדוואָקאַט לייב לאַנדוי. ער איז אָבער געגאַנגען מיט קרומע וועגן און אַלץ פאַרשפּילט.

אויך פון דער טאָכטער עטל — פאַר וועלכער מען האָט „געקויפט" א דאָקטאָר־מעדיצין — האָט מיין שוועסטער קיין נחת נישט געהאַט. דער מאַן איז פון איר אוועק קיין סאָוועט־רוסלאַנד און זי האָט קוים באַוויזן דורכצופירן א גט מיט אים.

דאָס גאַנצע נחת האָט זי געהאַט פון איר עלטסטער טאָכטער ריווטשע, פון איר ערשטן מאַן שלמה זלמן. זי האָט איר טאַקע עטליכע יאָר פאַר דעם טויט דאָס גאַנצע פאַרמעגן פאַרשריבן מיט דעם באַדינג זי זאָל זי אויסהאַלטן אין צייט פון איר קראַנק זיין און זי זאָל איר רעכט טון, און אויך געבן עטליכע הונדערט זלאָטעס פאַר עולמות

און דער איידעם ישעיה זאָל נאָך איר קדיש זאָגן. אלץ האָט זי מיט אסך יאָרן פריער באזאָרגט. ביז צום טאָג פון איר שטאַרבן איז זי געווען ביים פולן באוווסטזיין. געשטאָרבן איז זי גלייך ווי זי וואָלט איינ־געשלאָפן — גאָרנישט פארענדערט.

ריוועטשעס קינדער

ריוועטשע — אליין פון א צווילינג — האָט געהאט ניין קינדער. דריי טעכטער און פינף זין, איין מיידעלע האָט די אם, וואָס איז געשלאָפן מיט דעם קינד, מיט דער ברוסט זאדישעט. די עלטסטע טאָכטער — דאָרטשע — איז זייער א שיינע און אביסל ענליך צו איר זיידן שלמה זלמן. זי איז אויך בטבע זייער א גוטע. זי האָט חתונה געהאט מיט א נעפע פון איר פאָטערס צד און וווינט אין בודאפעסט. איר מאן איז אויך א פיינער, אינטעליגענטער און גוטער מענש. אויך גוט סיטואירט. אָבער קינדער האָבן זיי נישט. דערפאר האָבן זייביידע ליב — דאָרטשע מיט איר מאן — איר יינגסטן ברודער מאנעלע לעוו, זיי ווילן אים אפילו אדאָפטירן. דריי זין ריווע־טשעס האָבן שוין חתונה געהאט און וווינען אין ווארשע. זיי זענען אלע זייער באגאבטע און אינטעליגענטע. דער עלטסטער שלמה, דער צווייטער — מלך. ער האָט געהאט א פארגרעבטע, פויערישע אם. האָט ריוועטשע תמיד באהויפטעט, אז ער איז אין דער אם אריינגעראָטן, „פארגרעבטע מאניערן". דער דריטער, נחום, איז אן אינזשעניער. ער האָט אויך זייער יונג זיך פארליבט אין א ווארשעווער מיידל. אָן מזומנים — זעלבפארשטענדליך — און חתונה געהאט.

*   *   *

איך וועל נאָך אזוי פּלאַפּלען ביז זייטל נומער 100 און שפּעטער — ווען איך וועל אפשר האָבן מער געדולד — פּריוון אייך, קינדער, צו דערציילן אביסל פון דעם טאטנס משפּחה. און אויף סאמע לעצט פון מיין און רעס טאטנס צוזאמענלעבן.

איך צווייפל צי עס וועט זיך מיר איינגעבן. אָבער כל זמן די אויגן זענען אָפן און דער פארשטאנד דינט וועל איך שרייבן. זאָל זיין וואָס עס איז. אָבער איר — קינדער — וועט עס צום אָנדענק באַ־האלטן. אזוי דאכט זיך מיר — ווייניקסטנס. איך וואָלט נאָך געוואָלט לעבן עטליכע יאָר מיט דעם טאטן צוזאמען און שעפּן נחת פון אייער שרייבן.

*   *   *

נאָך וועגן עטליכע שידוכים

איך קער מיך נאָך צוריק צו עטלעכע שידוכים, וואָס מען האָט מיר גערעדט.

איינער — ליאָן — פון טארנע. זייער א שיינער. ער איז מיר אפילו אביסל געפעלן. אָבער מען האָט מיך נישט געפרעגט. און אזוי ווי יענער איז שוין געווען זעלבשטענדיק האָט ער נישט געוואָלט בלייבן אין רעדים אויף קעסט. און עס איז צונישט געוואָרן. (אוודאי נישט געווען קיין זיווג).

נאָך איינער, א זעלבשטענדיקער מיט דעם נאָמען „קאָקאָק", א הויכער, א ברייטער, נישט קיין סימפאטישער, מיט א קרענקליך אויס־זען. איך האָב אפילו נישט געקענט ליידן ווען ער האָט צו מיר גערעדט.

די שידוכים זענען מיר שוין נמאס געוואָרן און — לויט ווי מיינע עלטערן האָבן מיר איינגערעדט — האָב איך טאקע שוין אויף אן אמת געמיינט, אז איך בין ביי איבער זעכצן יאָר אן אלטע מויד.

מען רעדט מיר דעם שידוך מיטן טאטן

איינמאָל האָט טאקע דעם טאטנס א קרובה — דבורה בערגנער — פון סאמבאר מיט א פּאָסט־קארטל אָנגעבאָטן איר קוזין פון סטאניסלע, אפרים. איך האָב פון דעם געוווסט — לייענענדיק דאָס קארטל, וואָס האָט זיך ארומגעוואלגערט אויף דעם גרויסן שרייבטיש. אויך האָב איך געהערט ווי מיין ברודער נטע האָט דערציילט זיין חבר, אז א בחור פון סטאניסלע — אפרים בערגנער — וואָס איז געשטאנען צו דער אסענטירונג אין יערסליוו, איז באפרייט געוואָרן ביי דער פערטער קלאַס. ביים דערציילן האָט ער אָנגעוויזן: — אָט גייט ער טאקע איצט פון דער פּאָסט. איך — הערנדיק דאָס — בין געלאָפן צו אונזער אלקער־פענסטער און אים געזען. איז ער מיר טאקע אביסל געפעלן. שווארצע, געקרויזטע האָר, שווארצע אויגן און א סמאגלאווע צערע. אָבער איך האָב קיינעם נישט געזאָגט.

באלד נאָך דעם דאָזיקן, אייער טאטנס, זיין אין רעדים האָט ווידער דער פעטער איטשל קאַץ פון סאָסניצע פערזענליך גערעדט דעם שידוך. ביז מען איז זיך צוזאמענגעקומען קיין לעמבערג אויף א זעאונג.

*   *   *

דאָ פעלן די זייטן 101 און 102 פון די זכרונות, ווארשיינלעך די באשרייבונג פון דער זעאונג און די תנאים.

...און דער טאַטע אייערער איז טאַקע נאָך אַלס חתן, דאַכט זיך מיר אין חודש יולי אין א דינסטיק, געקומען צופאָרן. ער האָט מיר מיטגעבראַכט א גאָלדענעם בראַנזאָלעט מיט דימענטן־שטיינער איינגעפאַסט און מיר געשענקט זיין זייער א נעט, פיין רייזע־צייג, וואָס האָט אפילו פאַרמאָגט מאַניקיר־כלים, וואָס זענען אין די דעמאָלטיקע צייטן געווען אַזוי זעלטן. די מתנה איז מיר אפילו בעסער געפעלן, ווי די מתנה פון גאָלד און דימענטן.

אויף שבת האָט דער טאַטע מיינער, מסתמה נאָך א באַראַטונג מיט די עלטערע קינדער, מיט מיינע געשוויסטער, אונז, מיך מיט מיין חתן, משלח געווען קיין מיכאַלאָווקע. איך האָב נישט רעאַגירט, פאַרקערט, איך בין נאָך געווען צופרידן. אָבער דער חתן האָט נישט געקענט פאַרשטיין די סיבה, פאַרוואָס מען שיקט אים, דעם גאַסט אַוועק. צי מיינט מען, אַז ער וועט נישט קענען א ברכה מאַכן איבער דעם ספר, בשעת דעם אויפרופן שבת? איך אָבער האָב פאַרשטאַנען מיין טאַטן, געוווּסט אַז ער האָט פיינט א גערודער און אַז ער דאַנקט גאָט, וואָס ער האָט אונז ווי אַוועקצושיקן. ער האָט באַפוילן קיין מיכאַלאָווקע און עס איז נאָך אונז אַריינגעקומען א שיינע בריטשקע מיט א פּאָר שיינע צוגעאָוועטע פערדלעך. און געווען איז עס אין א שיינעם הייסן יולי־טאָג און מיר האָבן געמאַכט היידא נאָך מיכאַלאָווקע, צום ערדישן גן־עדן. נישט געקרעמפּעוועט זיך אין דער שטאָטישער שטוב, פריי אויף דער לופט, האָבן מיר אַרומשפּאַצירט. קיינער איז נישט געווען נייגעריק אונז צו אָבסערווירן, חוץ די דינערשאַפט.

מיר זענען געגאַנגען זיך באָדן. אייער טאַטע מיט דעם נעפע חיים און איך מיט דער קליינער ניכטע פרימטשע. דאָס איז געווען פרייטיק. שבת פאַרמיטאָג האָט זיך צונויפגעקליבן א מנין צום דאַווענען. מען האָט געדאַוונט אין דער שטוב ווו עס זענען געקומען עטליכע שכנישע דאָרפסלייט.דער טאַטע אייערער האָט געמאַכט די ברכה, הויך־קלינגענדיק, אָן איין גרייז. דער טאַטע מיינער וואָלט זיכער פון דעם חתן אָנגעקוואָלן, אָבער פאַרפאַלן. יאָ, איך האָב פאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז פרייטיק אויף דער נאַכט ביים קידוש, האָט ביים טאַטן אייערן, האַלטנדיק דעם בעכער, די האַנט געציטערט, אַזוי, אַז מען האָט געקענט מיינען, אַז ער האָט מורא, שרעקט זיך. איך האָב מיך געשעמט פאַר די שטוב־מענטשן, אַז איך האָב א חתן, וואָס ציטערט מיט די הענט.

שבת נאָכן עסן זענען מיר געגאַנגען שפּאַצירן, צוערשט אין גרויסן סאָד, וווּ מיר האָבן געקליבן די פון ווינט אראָפּגעפאַלענע באַרן און עפּל, שפּעטער, אין דעם גאָרטן־גן־עדן פון פּאַזיאָמקעס, טרוס־קאַווקעס, ווײַנפּערלעך, ווײַסע און רויטע אַגרעסן. די קזשאַקעס פון אַגרעסן און ווײַנפּערלעך האָבן זיך געצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון גאָרטן. אויך אַ סך אויבסט־ביימער זענען געוואַקסן אין גאָרטן: ביימער מיט פּאַפּיערוווקעס, פּונטוווקעס מיט בוימל, זאַפטיקע גרויסע בערעס, צווייַ ביימער רענגלאָטן, אַזעלכע פלוימען, וואָס האָבן פאַר־גאָסן דאָס מויל מיט זאַפט. אפילו ווײַנטרויבן זענען דאָ געוואַקסן. אויך כלערליי גרינצייגן און כלערליי בלומען האָבן זיך דאָ געפינען: רויזן צום פּרעגלען, רויטע, דאָזע־בלאַסע און געלע, אויך רויטע און געלע מאַלינעס, און גאַנצע ביימער מיט קליינע ראָזעלעך און צוויי גרויסע טענענביימער. אינמיטן דעם אַלעם איז געשטאַנען אַן אַלטאַנע מיט בענק, אַרומגערינגלט פון אַ סך ביימער, אַזוי אַז מען האָט געקענט האָבן זון און שאָטן אין דעם גאָרטן. און מיר ביידע זענען טאַקע אַרומשפּאַצירט צווישן אַלערליי הערלעכקייטן געאַרעמט; און דער טאַטע אייערער, מײַן חתן, האָט מיט זײַן הוט מיך געשיצט פאַר דער זון, ווײַל שבת איז אַן עבירה צו טראָגן אַ שירעם.

מוצאי־שבת, האָט מען אונז, אין באַגלייטונג פון נעפע חיים דים, איבערגעשיקט קיין רעדים. דער טאַטע מײַנער האָט פון אונז זייער הנאה געהאַט און זיך געפרייט, אַז ער האָט אַזוי לײַכט אַראָפּגעפּטרט דעם עול פון שבת און נישט געהאַט ביי זיך אַן אָנלויפּעניש. ער האָט געפרעגט צי מיר האָבן געגעסן די גרויסע בוימל־עפּל, די פּונטוווקעס, וואָס יעדער עפּל קאָסט אים אַ הונדערטער. ער האָט דערמיט געוואָלט געבן אָנצוהערן, אַז ער לייגט צו געלט צו מיכאַלאָווקע...

די צוזאַמענגעפּאָרענע חתונה אין כיראָוו

מיט דער חתונה מײַנער איז דער טאַטע אויך אַנטלאָפן קיין כיראָוו. אין כיראָוו אויף דער סטאַציע זענען פאַרהאַנען צוויי גאַסט־הייזער, איינס לעבן אַנדערן. אין איין האָטעל זענען מיר איינגע־שטאַנען, אין דעם צווייטן האָטעל דערנעבן די מחותנים פון חתנס צד.

באלד האָט מען מיר געבראַכט די חתונה־געשאַנקען: א שייטל, א ווייסן עלעגאַנטן פּילץ־הוט מיט עכטע ווייסע, לאַנגע שטרויס־פעדערן. צווישן די פעדערן האָט מען קוים אַרויסגעזען א קליין גרין פייגעלע. די פעדערן זענען געווען געשטעקט קווער, איינע אויף דער אנדערער, אַראָפּהענגענדיק הינטן אויף דעם האַלז און פאַרענדיקט מיט א פּליוש־שלייפעלע. די גאַנצע פאָרם פון הוט האָט פאַרגעשטעלט א יעגער־הוט. אויך האָב איך באַקומען א ווייסן סידור מיט עלפאַנט־ביין און מיט גאָלדענע פאַרצירונגען און מיט א גאָלדענעם שלאָס און א ווייסע פון פּליוש בראָקאַט מאַנטילקע, אזא אַרט „אַנטרע", צוגע־ווײַלט צום איידל־ווייסן זיידן חופּה־קלייד. ביים האַלז איז די מאַנטיליקע געווען מיט ווייסע לאַבענדזקעס פאַרפּוצט. די מאַנטילקע האָב איך טאַקע אָנגעטון צו דער חופּה. איך האָב מיך זייער געפרייט מיטן „בראַוט"־שלייער און מיטן עכטן פרישן מירטן־קראַנץ, וואָס האָט געבילדעט א קרוין. אָבער אייער טאַטע איז פון דעם קראַנץ נישט געווען צופרידן און מיר נאָך דער חופּה דערציילט, אז ווען ער האָט באַמערקט וואָס פון דעם קראַנץ איז געוואָרן, האָט ער אזש מיט די ציין פאַרביסן. זיין גאַנצע מי, אז דער קראַנץ זאָל אויסזען ווי אַן אמתע קרוין, איז נעגאַנגען לאָבוד און צו דעם אלעמען האָט מען אים מיר פאַרקערט אָנגעטון אויפן שלייער. אויך דער בוקעט פון רויזן איז געווען זייער שיין. די רויזן זענען געווען פריש און ווייס, יעדע רויז איז געווען געבונדן מיט דראָט און איינגעפּאַסט אין א שיינעם טיולענעם מאַנקעט, פון אויבן אראַנזשירט מיט מאָשלינענע פּליסירטע „שלאַרעטשקעס", באַשטעקט מיט איידל־ווייסע קליינע קוואַסטלעך. אויך דער בוקעט איז געווען צוגעפּאַסט צום חופּה־קלייד. אַן איידל־ווייסע לאַנגע אַטלאַס־באַנד, אַן ערך א מעטער די לענג, איז נאָכגעהאָנגען פון בוקעט.

## געסט פון חתנ'ס צד

די חתונה איז געווען אין חשון 1891. איך האָב געפאַסט און איידער איך בין געגאַנגען צו דער חופּה, האָב איך זייער ערנסט געדאַוונט. צי איך האָב געוויינט אונטער דער חופּה געדענק איך נישט. עס איז אויף דער חתונה געווען זייער א סך מחותנים פון אייער טאַטנס צד: די מומע דבורה בערגנער מיט איר מאַן חנא און זייער זון נחמיה. די מומע דוואָרטשע איז טאַקע געווען דער הויפּט־שדכן.

זייער זון נחמיה, נאָך נישט קיין באַווייבטער, אָבער שוין זעלבס־שטענדיק, איז געווען אָנגעשטעלט אין דער פּשעמישלער דאַמף־מיל אַלס פּראָקוריסט. מען האָט פון אים דעמאָלט שוין נאָכדערציילט, אַז ער איז זייער א קאַרגער און א שלעכטער. ער האָט זיך אַלעס אַליין פאַרזען, אַליין געקאָכט, אַליין געצערעוועט די זאָקן, אַסך פאַרדינט און גאָרנישט געוואָלט אַוועקגעבן זיינע געשוויסטער. ער האָט גע־טענהט: זאָלן זיי, מיינע שוועסטער און ברידער אַליין פאַרדינען. ער איז אַוועק קיין אונגאַרן אַלס דירעקטאָר פון א „האָנגאַריאָ"־מיל און דאָרט געהייראַט און ביז דעם היינטיקן טאָג דאָרט פאַרבליבן. ער האָט מיך די גאַנצע צייט פון דער חופה אָבסערווירט און מיר שפּעטער דערציילט, אַז איך בין געווען זייער ערנסט.

אויף דער חתונה איז געווען א פּשעמישלער בדחן. לויט יענע צייטן שוין מער אַן אינטעליגענטערער, מער דיכטער ווי בדחן. מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט געהייסן לאַנדוי. פון ווין זענען געקומען ספּעציעל אויף דער חתונה אייער טאַטנס שוועסטער חנהלע מיט איר מאַן זיסקינד קרים און זייערע דריי קינדער — צוויי טעכטער און איין זון. עס זענען אויך געקומען די איבעריקע געשוויסטער, אייער טאַטנס ברידער און שוועסטער. עס איז געקומען ישעיה קאַץ נ. 1, דער מומע רייזלס מאַן און ישעיה קאַץ נ. 2, דער מומע חוהס מאַן, און אייער פעטער זכריה מיט זיין ווייב ציווטשע און דער פעטער עקיבא איז געקומען אַליין. דעם פעטער משולם האָט מען איבער־געלאָזט אין דער היים מיט דער דינערשאַפט און דאָס האָט דעם זיידן אייערן באַנג געטון און ער האָט דווקא געוואָלט נאָך אים שיקן, ער זאָל קומען צופאָרן מיטן שנעלצוג. פון סאַמבאָר איז געקומען אייער עלטער־זיידע ר' אייזיק בערגנער מיט זיינע זין און אייניקלעך און אור־אייניקלעך. אויך איין זון פון טיסמיעניצע מיט אייניקלעך.

געסט פון דער כלה'ס צד

פון אונז איז געווען דער טאַטע און די מאַמע און איך... און מיין שוועסטער מירל מיט איר מאַן אברהם־הערש, דער עלטסטער איידעם. לייטשע מיט איר מאַן הערש־וואָלף זענען געבליבן אַכטונג געבן אין דער היים. אויך האָט דעמאָלט די מומע לייטשע געשוואַנגערט מיט איציקן. פון מיינע ברידער זענען געווען נח אָן זיין ווייב און נאָטע, אויך אָן דעם ווייב, ווייל די מומע הינדזשע האָט געשוואַנגערט מיט סאַלקען. אויך איז געווען מיין פעטער דוד מייסטער און די מומע

חיה־שרה און די מומע הענדל פון סיפּטשענע און דעם פעטער הערש־וואָלפס צוויי שוועסטער פון פשעמיש. יאָ, גוט, וואָס איך האָב מיך דערמאָנט, כ'האָב שיר נישט פאַרגעסן אויסצורעכענען די מומע סימע בערגלאַס מיט איר מאַן יאָסל בערגלאַס און זייער טאָכטער הינדע־רייזל פון רעדים און דעם פעטער איטשעל קאַץ פון סאָסניצע, דער צווייטער שדכן און מיינס א קוזינע שרה שטערן פון יערסליוו.

דוד באָגאַטש, דער רעדימער סארווער

אייער טאטע האָט א לאַנגע צייט נאָך דער חתונה נישט געקענט פאַרגעסן, ווי נאָך דער חופּה, ווען מ'האָט זיך שוין אוועקגעזעצט עסן, איז צו אים צוגעקומען אונזער מיטגענומענער סאָרוועך פון רעדים, א פעט־לייביק, רויט־געשפּרענקלט יידל מיט א ברייטער, פּלאַטשיקער נאָז — א מענש שוין אין די מיטעלע יאָרן. מען האָט אים גערופן דוד „באָגאַטש" און געהייסן האָט ער דוד שווארצשטיין. אויף דעם וואַטענעם וועסטל האָט ער געהאַט צוגעשפּיליעט א גאָלדענעם מעדאל — אָן גאָלד. מיט דעם מעדאל האָט ער זיך באַרימט, צוריקקומענדיק פון א מיטגעמאַכטער שלאַכט, געזאָגט אויף זיך, אז ער איז א באָגאַטש און זייט דעמאָלט באַקומען דעם צונאָמען „באָגאַטש". די געבעטע, ברוינע, לאַסטיקענע בעקעשע, וואָס ער האָט געטראָגן, האָט אויסגעזען גלייך ער וואָלט די מיטגענומענע געבראָטענע גענז אליין געשאָכטן און זיך מיט זיי מתעסק געווען. ביידע פּאָלעס פון דער בעקעשע זענען געווען פאַרשאַרצט אויף רעכטס און לינקס און אריינגעשטעקט אין גאַרטל. צו דעם געדעקטן טיש איז ער צוגעקומען מיט א גרויס שאָף און א קוואָרט וואַסער אין די הענט, דערלאַנגט די כלים דעם חתן, אייער טאַטן, און ער האָט זיך אָנגערופן:

— נא, חתן, וואַש דיך!...

דער טאַטע האָט א לענגערע צייט נאָכדערציילט, וואָס פאַרא חרפּה מיר קליינשטעטלדיקע האָבן אים אָפּגעטון, מיטברענגענדיק מיט זיך אזא נישט־געשולטן „סאָרוועך" אלס באַדינער פאַר אזעלכע נאָבעלע אינטעליגענטע מחותנים...

* * *

דעם טאַטנס זיידע — ר' אייזיק

איידער איך הייב אייך אָן צו דערציילן, מיינע טייערע זין און אייניקלעך, פון דעם ווי אזוי דעם טאַטנס זיידע און אייער עלטער־זיידע,ר' אייזיק בערגנער פון סאַמבער האָט זיך משמח געווען אויף דער

חתונה פון זיינע אייניקלעך, וועל איך אייך אים קודם־כל פאָרשטעלן לויט דעם ווי דער טאטע אייערער, וועלכער האָט אים בעסער געקענט פון זיין יחוס און פון זיין אינטעליגענץ, האָט מיר וועגן אים דער־ציילט. דעם עלטער־זיידן אייערן ר׳ אייזיק בערגנער האָט מען גערופן רב אייזיק מיט דער „ר״, ווייל ער האָט געשטאמט פון גרויסע רבנים גאונים. ער איז געווען א נאָענטער קרוב פון קרייז־רב משולם לאנדוי פון טיסמיעניצער קרייז און טאקע ער אליין איז געווען א גרויסער למדן, געזעסן יומם ולילה און געלערנט תורה. ווי מיר דאכט זיך, האָט ער אויך אָנגעשריבן עטלעכע ספרים אין לשון־קודש. ער האָט אויך באזיצט א גרויסע ביבליאָטעק פון פארשידענע ביכער, מיינסטנס פון דייטשע געלערנטע. געווען זייער באגייסטערט פון היינען, זיך אנט־ציקט מיט די פּאָר ווערטער: דאָס דער ראבי און דער מענך, דאָס זי אללע ביידע... מיט דעם אלעם, דאָס הייסט מיט זיין מיינונג און מיט זיינע ביכער און מיט דעם שטודירן זיי, האָט ער זיך געמוזט אויסבאַ־האלטן און צו דעם צוועק געהאט איינגעאָרדנט א בוידעם־שטיבל מיט א געהיימען איינגאנג.

ווען איך און דער טאטע אייער האָבן זיך מיט דעם זיידן ר׳ אייזיק נאָך דער התונה אונזערער צוזאמענגעטראָפן ביים פעטער קלמן בערגנער אין טיסמיעניצע אויף תנאים אויך פון זיינס אן אייניקל, האָט ער אונז דערציילט, אז מען האָט אים אמאָל געטראָפן ביי א דייטש בוך און ער איז קוים ניצול געוואָרן פון א חרם.

ר׳ אייזיקס טאנץ מיט אלע קינדער
און קינדס קינדער

און איצט קער איך מיך צוריק אום צו דערציילן ווי דער זיידע ר׳ אייזיק בערגנער האָט נאָך דער סעודה אויף אונזער חתונה צוזאַ־מענגעזאמלט אלע מחותנים אין דעם צווייטן דערבייאיקן האָטעל אין א גרויסן זויבערן עלעגאנטן טאנץ־זאל. ער האָט צונויפגענומען די גאנצע משפחה זיינע, די זין, טעכטער, אייניקלעך, אוראייניקלעך. אונז חתן־כלה, דאָס הייסט מיך שוין אויך אריינרעכנענדיק אין זיין משפחה, האָט ער אויך אריינגערופן און אונז אלע צוזאמענגעשלאָסן אין איין גרויסן רינג און צוקוקנדיק זיך צו דעם האָט ער געשטראלט פאר פרייד און נחת.

דער זיידע ר׳ אייזיק איז געווען א שיין מעסיק־געוואקסן יידל, שוין איינגאנצן גרוי. ער האָט געהאט רעגלמעסיקע איידעלע געזיכט־

צוגן, גוטע גרויע אויגן, געקרייזלטע, גערדיכטע גרויע האָר און א שיינע, ריינע, פארקעמטע, נישט זייער גרויסע, אויך גרויע, באָרד. די פאות זענען געווען אזוי קונציק נישט־אָנזעעוודיק, אז מען האָט זיי גאָר אינגאנצן נישט באמערקט. פון הינטער דער באָרד האָט ארויסגעקוקט א ווייסער, שיין־געפרעסטער ברייטער קאָלנער פון אלא סלאָוואצקי־העמד. אויף דעם שיינעם צירלעכן קאָפּ מיט די געלאָקטע האָר איז געזעסן ווי אויסגעוואקסן און איינגעפאסט א שווארצע סאמעטענע יארמעלקע. פון אונטער דער נישט צוגעקנעפּלטער זיידענער, פון אונטן געהאקטער, ווי א שלום־ראָק געפאסטער בעקעשע, האָט מען ארויסגעזען א שווארצע, סאמעטענע, פיין־געשטיקטע וועסט. די הויזן פון טונ־קעלעם שטאָף, גענוג ברייט, זענען געווען אריינגעשטעקט אין די זויבער־ווייסע, אביסל ווי שאָף־קען קאָליריקע, היימיש־געשטריקטע זאָקן און האָבן אויסגעזען ווי היינטיקע פּלומפּ־הויזן. די זאָקן זענען געווען באפעסטיקט מיט זיידענע בענדלעך. אויף די פיס האָט ער געטראָגן שווארצע בלישטשנדיקע און גלאנציקע פאנטאָפל. וואָס האָבן געפאסט ווי צום טאנצן טאקע.

דעם טאָניז, וואָס דער זיידע ר' אייזיק האָט געהייסן די קלעזמער אויפשפּילן, האָט ער דאכט זיך מיר אָנגערופן „שער". צוערשט האָבן מיר אלע אין א גרויסן רינג, מיט די הענט געשלאָסן, עטלעכע מאָל זיך ארומגעדרייט. דערנאָך האָט דער זיידע געהייסן שפּילן א טשאר־דאזש. דער זיידע איז אריין אין דער מיט ראָד, טאנצנדיק און זינגענדיק און צום טאקט פון דער מוזיק צופּאטשנדיק און די ערשטע מיך די כלה אָנגענומען פאר א האנט און מיט מיר געטאנצט ווי א יונג בחורל דעם טשארדאזש. דערנאָך האָט ער צוזאמענגעשלאָסן אונזערע הענט, מיינע און דעם חתנס, און ארויפלייגנדיק זיין האנט אויף אונז האָט ער אויף עטלעכע לשונות, מיט א שיינעם ניגון, אונז הויך געבענטשט. מיר האָבן אים געקושט אין דער האנט און ער אונז אין שטערן.

מיין טאטע איז נישט צופרידן
מיט מיין חתן'ס זיידן . . .

די מאמע מיינע האָט זיך זייער געפרייט, וואָס זי האָט אָנגעטראָפן אויף אזעלכע פיינע, זיידענע יידישע מענשן אלס מחותנים. און נאָך מער האָט זי זיך געפרייט, אז די יינגסטע און די דריטע טאָכטער האָט שוין אויך א מאן און א יידישן דערצו, ווייל דער טאטע אייערער האָט

אָנגעטון דאָס אים געשיקטע שטריימל צו דער חופּה. דאַקעגן דער טאַטע מיינער האָט אַלין געוואָלט שנעל אָפּפּטרן און אהיים לויפן און נישט געקענט תופס זיין דאָס משמחה זיין זיך פון דעם זיידן ר׳ אייזיק מיט דער גאַנצע צערעמאָניע, וואָס ער האָט געמאַכט. ער האָט נייטש פאַרשטאַנען, אַז אַ זקן זאָל האָבן אַזאַ השגה און זיך אַזוי נאַריש מאַכן מיט דעם טאַנצן און זינגען, ווי אַ קליין קינד. ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז דאָס אַלעס זעט בײַ אים אויס, ווי אַ לייכטזיניק קאָמעדיאַנטן־שפּיל. דער טאַטע מיינער איז טאַקע, באַלד מיט דעם ערשטן צוג, שוין חיפּש אין דער נאַכט אַריין, איבערלאָזנדיק די גאַנצע חתונה, אַנטלאָפן אהיים. ער האָט איבערגעלאָזט דעם עלטסטן אײדעם, אברהם־הערשן, געלט, ער זאָל אַלעס באַצאָלן, וואָס מען וועט דאַרפן און אויך באַצאָלן פאַר אַלין, וואָס די געסט וועלן זיך פאַר־שאַפן, אבי אים לאָזן צו־רו. „איך קען דאָס נישט לײַדן. פּע פּאַס־קוד... עס רווישט מיר דער קאָפּ און איך פאָר אהיים, איך זאָל קענען טרינקען מיין היימישן וואַסער־טיי. פון דער חתונה־טיי איז מיר שוין שווער דער קאָפּ, ווי אַ צענטנער. און פון דעם שאַרפן כריין טוט מיר ווײ דאָס האַרץ“...

מיין טאַטע לאָזט איבער די חתונה
און פאָרט אהיים

דאָס האָט אַלין דער טאַטע געזאָגט, בעת ער איז אוועק אהיים. קענענדיק דעם טאַטן מיינעם און זיינע שוואַכע נערוון, האָב איך אים דאָס אַנטלויפן זיינס אַזוי פרײ־צײַטיק פון מיין חתונה נישט גענומען פאַר שלעכט, ווייל ער האָט אויך נישט געמיינט חלילה קיין שלעכטס און ווייל געלט האָט ער נישט געזשאַלעוועט. אָבער אויף־זיין אַ גאַנצע נאַכט און נאָך אין גערויש פון טאַנצן און שפּילן און טרינקען און רייכערן, דאָס איז געווען איבער זיינע כוחות. אהיים קומענדיק פון דער חתונה, האָט ער נעבעך אָנגעטון ביז טיף איבער אויערן איינס פון זיינע צוויי נאַכטיקע פּעלזיאַנער היטלען און אָפּגעיאָיקעט אַ גאַנצע נאַכט. אויך די צווייטע נאַכט איז ער אויף געווען, אַרומגע־גאַנגען איבער דער שטוב און געקרעכצט. קאָפּ־ווייטיק האָט דער טאַטע מיינער געליטן ביז איבער פופציק יאָר.

דער סוף פון חתונה־בוקעט פון
ווייסע רויזן

איך וועל מיך נאָך צוריק־קערן און דערציילן אייך שפּעטער פון מיין טאַטנס זאָרג־פעלטיקייט איבער זיין פארמעגן אוןווירטשאפט, פון זיין גרויסער השגחה איבער דער אָרדנונג און ווירטשאפט פון די הייזער, זיי זאָלן נישט צו גרונד גיין. איך וועל אייך אויך דערציילן פון זיינע מידות, הן אין מענשלעכקייט און ערלעכקייט. אָבער איצט האַלט איך ביים אוועקפאָרן פון דער חתונה און איך וועל אייך טאקע דערציילן פון אייער טאַטנס א ניי עגמת־נפש פון דער חתונה. ווען מיר האָבן זיך שוין אָפּגעזעגנט מיט אַסך מחותנים, וואָס האָבן געהאַט א פּריוואַטע קאָמוניקאַציע מיט דער באַן א היים צו פאָרן, האָבן מיר זיך אַלע רעדימער שוין פּיל שפּעטער אויך אָנגעהויבן צו קלויבן צו אונזער צוג. און דער טאַטע אייערער האָט מיך געפרעגט, ווו דער בוקעט ליגט, ער וויל אים איינפּאַקן אין דעם שאַכטל, אין וועלכן ער האָט אים געבראַכט פון סטאַניסלאַוואָוו. איך גיב א פרעג דעם סאַרווער דוד „באָגאַטש" וועלכער האַלט שוין אַלע פּעקלעך און רענצלעך מיט דעם טייערן בוקעט אין די הענט, אָבער ער צערייסט זיך גאָרנישט דעם ספּאָדיק. דער בוקעט איז צוזאַמענגעפּרעסט און צעקנייטשט און פאַרבונדן מיט דער ווייסער אַטלעסענער שלייף און די ווייסע רויזן זענען אַרויסגעריסן. באָגאַטש האָט מיר געזאָגט, אַז די צוויי גרויסע מיידן, מיין קוזינע שרה שטערן און הינדע רייזל האָבן די רויזן אַרויסגעריסן. איך בין געוואָרן אין כעס אויף מיין קוזינע שרה שטערן און דער טאַטע אייערער איז געוואָרן נאָך מער אין כעס אויף זיין קוזינע הינדע רייזל בערגלאַס, וועלכע האָט נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר זיין גרויסע מי און זאָרג. ס'איז געווען באמת א גרויסע אָנשטרענגונג אין יענע צייטן צו באַקומען אין די קאַלטע חדשים אַזעלכע שיינע ווייסע רויזן און ער האָט געמוזט אויסנוצן פּראָטעקציע אַזש ביים באַראָן ראָמאַשקאַן. איך האָב נעבעך אהיים געפירט א ליידיקן מאַנקעט. אָן רויזן.

איך בלייב מיט מיינע אייגענע האָר

מיר אַלע רעדימער האָבן געהאַט די פאַרבינדונג פון כיראָוו ביז פּשעמישל. אין פּשעמישל זענען מיר אויסגעשטיגן און געוואַרט אין האָטעל „פּאָד דעמבעם" עטלעכע שעה אויף דעם צוג קיין רעדים. מיר

האָבן אין דעם האָטעל געגעסן מיטאָג. די האָטעל־אייגנטימערין, א נייגעריקע יידענע, וואָס האָט אליין געטראָגן אייגענע האָר, איז אריינגעקומען אין אונזער צימער און מיר אוועקגערוקט דאָס היטעלע פון קאָפּ, כדי צו זען, צי מען האָט מיר אָפּגעשוירן די האָר און די מאמע מיינע האָט פון מיר איינגענומען בושות און חרפּות. אָבער דער טאטע אייערער האָט דער האָטעל־אייגנטימערין דאָס נייטש גע־שוויגן און זי איז אוועק מיט גרויס בזיון.

דער פעטער איטשל קאַץ און די
באָשניאַצקע מעסערס

אויף דעם וועג קיין רעדים, איז אין דעם זעלבן קופּע, ווו מיר זענען געפאָרן, אויך געוועזן דער פעטער איטשל קאַץ, אונזער שדכן און עס איז אויך געפאָרן א באָשניאַק מיט באָשניאצקע מעסערס. האָט דער פעטער איטשל כסדר ביי אים געהאנדלט די מעסערס. און טאקע ביי אים אָפּגעקויפט עטלעכע טוץ מעסערס. ווי אייער טאטע האָט אים נישט אָפּגעראָטן צו קויפן די מעסערס, האָט ער נישט געפאָלגט און געלאכט. ער האָט געזאָגט:

— וועסט זען פראָיקעלע וויפל כ׳וועל פארדינען ביי די מעסערס. און האָבן אן אָנדענקען פון דיין חתונה...

מיר האָבן זייער געלאכט און איך, נאָך נישט וויסנדיק, אז ער איז נישט קיין גרויסער חכם, האָב אים גענומען זייער ערנסט. ער האָט אויף מיר געמאכט דעם איינדרוק פון זייער א גוטן מענטשן און ער איז עס טאקע געווען. איך דערמאָן מיך, ווי עטלעכע יאָר נאָך אונזער חתונה, האָט ער זיך אויפגעבויט א הייזל און איין צימער, א גרויס, ספּעציעל איבערגעלאָזט עס זאָלן איינשטיין דאָרט אָרעמע געסט און מאכן שמחות. אָבער דער סוף זיינער נאָך אונזער חתונה איז געווען א שלעכטער, בעת ער איז אהיים געקומען מיט די באָשניאצקע מעסערס. זיין ווייב האָט אים צוזאמען מיט די מעסערס ארויס־געוואָרפן.

דאָס שבתדיקע אין שול־פירן

און איצט וועל איך, מיינע טייערע קינדער, דערציילן ווי אזוי מען האָט מיך געפירט דעם שבת נאָך דער חתונה אין שול אריין. שבת אין דער פרי האָט פריידעלע די קעמערין מיר צוגעקעמט דאָס פאר מיר מיטגעבראכטע שייטל מיט די צוויי גרויסע צעפּ. און אויף

מיינע, גענוג לאנגע אייגענע האָר, האָב איך אָנגעטון דאָס שייטל. איך האָב צוליב געטון דער מאמען, וואָס האָט מיך זייער געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, איך זאָל כאָטש דאָס ערשטע מאָל אין שול אריין אָנטון דאָס שייטל. זי האָט מיך געמוסרט, אז דער טאטע, א סטאניסלאוואָווער, האָט יאָ אָנגעטון א שטריימל און זי האָט מיר א לאנגע צייט פאָרגעוואָרפן, אז איך בין אויפגעקלערט און דער טאטע איז א פרומער ייד. איר קינדער קענט-אייך אפשר פאָרשטעלן, ווי איך האָב דעמאָלט אויסגעזען, אָנטוענדיק דעם יעגער־הוט מיט די דריי לאנגע, גרויסע שטרויס־פעדערן אויף דעם שייטל מיט די געפלאָכ־טענע צעפ און אויף מיינע אייגענע האָר. דערצו האָב איך געטראָגן א שווארץ זיידן קלייד מיט א שלעפ און פון אויבן א פליושענעם שווארצן מאנטל מיט א מאריא־סטואַרט־קראגן, ארומגענייט מיט שימערירנדע פעדערן. נו, און אין דער שטוב איז געווען שוין פאר־זאמלט די גאנצע שטאָט פרויען, מיך צו פירן אין דער שול אריין. ווען מיין טואלעט איז שוין געווען פארטיק, האָט מיין מאמע מיר געגעבן דעם סידור אין דער רעכטער האנט און מיר אלס כלה געהייסן שטעלן די ערשטע טריט. די ווייבער האָבן אלע צוזאמען אויסגעשריגן אין איין קול:

— מיט דעם רעכטן פוס, אין א מזלדיקער שעה...

איך בין געגאנגען פאָרויס מיט צוויי יונגע ווייבלעך, שעמענדיק זיך אומצוקוקן אויף דער מחנה פרויען פון הינטן. געדאַוונט האָב איך נישט, ווייל עס איז א מנהג, אז מען זעצט די כלה לעבן דער רביצן און די כלה האלט דעם סידור פאר אן עדות. די סיבה דערפון איז, טאָמער טרעפט זיך א כלה, וואָס קען נישט דאַווענען, זאָל זי זיך נישט דארפן שעמען.

צוריק פון שול — עטליכע און צוואָנציק
קידושן

צוריק פון דער שול זענען די פרויען געלאָפן פאָרויס צום לעקעך, טאָרט, ליקער און איינגעמאכץ און איך בין שוין געגאנגען פּאַוואָליע הינטער זיי. ווען די פרויען זענען אוועק, איז אָנגעקומען דער גאנצער בית־מדרש מענער מיטן חתן. דער חתן אין ברייטן שטריימל מיט די דרייצן שפּיצן, מיט דעם סויבלנעם טילעפּ, אויך א ברייטן, אייגנטלעך האָט דאָס שטריימל על־פּי־טעות געהאט גראָד פערצן שפּיצן. איז טאקע דאָס שטריימל אויף דעם טאטנס קליינעם קאָפּ געלעגן כמעט אויף די

אויערן. אָבער דאָך האָבן זיינע קליינע, שווארצע, בלישטשענדיקע לאכנ־דיקע אויגן נאָך מער ארויסגעבליאסקעט. נאָך דעם קידוש זענען איך און דער חתן, אין באגלייטונג פון מיינע עלטערן, געגאנגען מאכן שטאָט־באזוכן צו נאָענטע קרובים, באקאנטע און פריינט.

צוריקקומענדיק אהיים, פארדרויטלט פון עטלעכע־צוואָנציק קידושן מיט פארבייסעכצן פון שטרודל, טאָרט און איינגעמאכץ, האָט דער טאטע געזאָגט, אז צום בעסטן האָט אים געשמעקט דאָס איינגעמאכץ פון אתרוג, מיט וועלכן די מומע חיה־שרה האָט אונז מכבד געווען. זי האָט געזאָגט, אז דאָס איז א הייליק און כשר איינגעמאכץ, ווייל מיט דעם אתרוג האָט דער פעטער לייבוש געבענטשט אין שול און געזאָגט הלל.

שבע ברכות

נאָך דעם עסן האָט מען געפראוועט שבע־ברכות און עס זענען ווידער געקומען געסט. מען האָט געשיקט קוגלען, וויין, ביר, מעד און ניס. נאָך ביז היינט פירט מען זיך ביי אונז אזוי, אָבער מיט ווייניקער רחבות.

מוצאי־שבת זענען געקומען פוילישע קלעזמער פון סאָסניצע. אויך דער פעטער איטשל קאַץ מיט זיין ווייב און קינדער און מיין שוועסטער מירל מיט די קינדער פון מיכאלאָווקע זענען געקומען. און שיינדל די באָבע איז ארויסגעגאנגען בעטן אַלע מיידלעך פון שטאָט און מען האָט געהוליעט ביז שפּעט אין דער ־נאכט אריין. בעתן הוליען האָט מען פארביסן מיט פיינע טאָרטן און אָפּגעקילט זיך מיט קאלט סאָדע־וואסער מיט מאלינע־סאָרפּ, ווייל דעמאָלט האָט מען ביי אונז נאָך נישט געוווסט פון ליאָדעס. דער טאטע מיינער איז אָבער בעת דער גאנצער הוליאַנקע גאנץ רויק געשלאָפן און מען האָט אים נישט געשטערט, ווייל אלץ איז פאָרגעקומען אין צוויי גרויסע קאמערן, וואָס מען האָט ספּעציעל אויסגעליידיקט. די טירן און פענסטער פון די קאמערן זענען ארויסגעגאנגען אויף דעם הויף. דער גאנצער הארמידער איז טאקע ארויסגעגאנגען אינדרויסן דורך די אָפענע פענסטער און טירן און מיין טאטנס שלאָף איז נישט געשטערט געוואָרן.

זונטיק אינדערפרי איז אלץ געוואָרן אויפגערוימט און צוריק־געשטעלט אויף זיין אָרט גלייך קיינמאָל גאָרנישט. מיין טאטע איז געווען אין זיבעטן הימל, וואָס ער איז שוין אלץ, ברוך־השם, איבערגעקומען.

איך קער מיך ווידער צוריק אום, ווייל מיר דאכט זיך, אז איך דאַרף אויך שרייבן וועגן דעם, אז מיין חתונה איז געווען א כשרע און איך בין געגאַנגען צו טבילה א טאָג פאַר דער חתונה. אויך וויל איך דערמאָנען וועגן דעם, אז נאָך דער חופה האָט מען אונז חתן־כלה פאַרמאַכט אויף א רגע אין א שטוב, אָבער טאַקע נאָר אויף א רגע, דאָס הייסט מיר זענען געבליבן יחוד. באַלד האָט מען צעעפנט די טירן — און איין זאַך שעם איך מיך אייך קינדער צו דערציילן, אָבער איך וועל עס דאָך טון, ווייל עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע צייטן. בעת אַלע געסט, וואָס האָבן געהאַט א קאָמוניקאַציע שפּעט אין דער נאַכט, זענען זיך צעפאָרן, זענען אַלע נענטערע מחותנים פאַרבליבן נעכטיקן. און פלוצלינג אינמיטן דערינען, ווען מיין מאַמע און די שוויגער זענען אַריינגעגאַנגען מיט מיר אין א צימער צום שלאָפן און איך האָב מיך נאָך נישט אָריענטירט וואָס עס טוט זיך אַרום מיר, האָבן זיי מיך איבערגעלאָזט איינע אַליין, אָבער איך האָב באַלד געזען, אז איך בין נישט אַליין אין דער שטוב, ווייל דער חתן מיינער איז דאָ אויך געווען. און דאָ האָב איך מיך ערשט געכאַפּט, אז דאָס הייסט: די אונטערפירערקעס האָבן אונז געפירט לייגן. איך האָב מיך געלייגט אין די קליידער, זיך נישט אויסגעטון. אז דער חתן איז צו מיר צוגעקומען, האָב איך דערשפּירט א ווידער־ווילן צו אים, כאָטש איך האָב אים שוין געהאַט דריימאָל געזען. איינמאָל ביים „באשוי„ אין לעמבערג, דאָס צווייטע מאָל אויף תנאים, אויך אין לעמבערג, און דאָס דריטע מאָל, ווען מען האָט אים פאַרבעטן צו אונז קיין רעדים. און כאָטש דער חתן איז מיר געווען גענוג סימפּאַטיש, האָב איך אָבער איצט דערשפּירט א ווידערווילן צו אים. און אפשר איז עס געווען בושה? דער חתן איז געקומען גאַנץ נאָענט צו מיין בעט און איך האָב פאַר שרעק (גאַנץ גענוי געדענק איך דאָס געפיל) אָנגעהויבן צו ציטערן. און איך האָב מיך באַלד אויסגעדרייט צו דער וואַנט. דער חתן האָט מיך געפרעגט פאַרוואָס בין איך מיט אים ברוגז. איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט. און אזוי איז פאַרבליבן ביז אינדערפרי. איך האָב, דאַכט זיך מיר, די גאַנצע צייט פאַרמאַכט געהאַלטן די אויגן, כאָטש געשלאָפן בין איך נישט. ערשט אז איך האָב דערזען דעם חתן אין די מלבושים, האָב איך פאַרשטאַנען, אז מען גרייט זיך אהיים צופאָרן. דער חתן האָט מיך געפרעגט, צי איך בין געשלאָפן און געזאָגט, אז ער גייט מיר ברענגען דעם מאַנטל, ווייל עס

איז שוין צייט צום צוג. און ערשט איצט האָב איך אויף זיינע פראגן געענטפערט און געוואָרן מיט אים היימישער.

אונזער חתונה־נסיעה קיין רזשאבטש

אינדערהיים האָבן מיר געהאט שוין א פאַרגעברייטע דירה, וואָס איז באשטאנען בלויז פון איין שטוב צום שלאָפן. א גאנצן טאָג זענען מיר געווען ביי די עלטערן. איך געדענק נאָך אפילו דאָס געמעל פון אונזערע שטאָלענע בעטן. אויף די ווענטלעך פון די בעטן איז געווען א בילדל פון א פארליבט פאָרל, וואָס איז געשוווּמען אין א קליין שיפל און געריסן וואסער־בלומען. עטלעכע טעג נאָך דער החתונה ביז צום אוועקפאָרן קיין רזשאבטש, איז מיין מוטער אליין געקומען עפּעס קוקן. און ווי דער טאטע אייערער האָט מיר דערציילט, איז זי אויף אים ברוגז געווען פאר זיין אויפפירן זיך מיט מיר. דעם אנדערן פרייטיק זענען מיר פאר ליכט־צינדן אָנגעקומען קיין רזשאבטש און מיין שווענגערין איז געווען פארצווייפלט. זי האָט שוין געהאט גע־בענטשט ליכט און נישט געהאט קיין לייכטער פאר מיר. האָט דער שוואָ־גער, מאָטל היטנער מכלומרשט זיך נישט געמאכט וויסן, אָדער געוואָלט ווייזן זיין טאָלעראנץ און אויף גיך אויסגעלאָשן זיין ווייבס שוין גע־בענטשטע ליכט און מיר די לייכטער געגעבן צום ליכט בענטשן. איך פון מיין זייט האָב אָנגעקוקט די שווענגערין פארחידושט, אָבער איך האָב מיך געשעמט צו רעאגירן אויף מיין שוואָגערס פאָרגיין און געבענטשט ליכט אין דער שווענגערינס לייכטער.

א בעלזער חסיד, וואָס עסט אין א תענית

די נסיעה קיין רזשאבטש ביי בעלז איז געווען אונזער חתונה־נסיעה און מיר זענען דאָרט פארבליבן אן ערך צוויי וואָכן. דער שוואָגער היטנער איז געפאָרן מיט אונז יעדן טאָג אין זיין קארעטקע אין אן אנדער שטעטל. דעם ערשטן טאָג זענען מיר אריינגעפאָרן קיין בעלז, גראָד אין א תענית, עשרה־בטבת. מיר זענען צוגעפאָרן צום שוואָגערס א פריינט נחמיה וויינינגער, וואָס האָט געהאט א שפּייז־געוועלב. דאָרט פלעגט מען טאקע אליין איינקויפן אויף א גאנצע וואָך. מען האָט אונז דאָרט פארבעטן אין שטוב אריין, ווו די פענסטער זענען ארויס אויף א גאס. ס'איז געווען פארמיטאָג. מען האָט פאר־האָנגען די פענסטער און אָנגעהויבן צו גרייטן צום טיש און פאר־

בעטן אונז עסן. אויך דער פריינט ר׳ נחמיה, שפּילנדיק די ראָלע פון א חסיד אין בעלז, האָט זיך מיט אונז געזעצט צום טיש עסן.

האָב איך זיך זייער געחידושט, אז אין א שטאָט, ווו עס ווינען רביים פון אבות־אבותינו, זאָל אזוינס פּאָרקומען. ס׳טייטש, אזא ייד ווי ר׳ נחמיה וויינינגער זאָל נישט פאסטן?

דערויף האָט מיר ר׳ נחמיה וויינינגער געענטפערט מיט א ווייץ און מיר דערציילט א מעשה, ווי א מאן האָט נישט געהייסן זיין ווייב פאסטן און זיך מיט איר געאמפּערט און געזאָגט: איך בין דיר מתיר דעם תענית. אָבער דאָס ווייב זיינס, א גרויסע עסערין, האָט כלומרשט אים, דעם מאן, נישט געוואָלט פאָלגן. באלד האָט זי אָבער חרטה געהאט אויפן עסק און דעם מאן אירן אלעמאָל געפרעגט: משה, וואָס האָסטו עפּעס צו מיר פריער געזאָגט? און דער מאן, ווי נישט אים מיינט מען, זאָגט צו איר: וואָס מיינסטו? איך געדענק נישט! און זי האָט אים כסדר געטאָרעט, סטייטש דו געדענקסט נישט וואָס דו האָסט צו מיר פאר צוויי שעה געזאָגט? ניין, האָט ער איינגעשפּארט גע־ענטפערט, איך געדענק טאקע נישט, עס איז מיר ארויס פון קאָפּ. און זי ווייטער: דערמאָן דיך נאָר משה, עפּעס וועגן נישט פאסטן. און ער: האק מיר נישט אין קאָפּ ארין, איך געדענק נישט...

א מעשה מיט סם פאר וואלד־חיות

דעמאָלט אין רזשאבטש ביי בעלז, אויף אונזער חתונה־נסיעה, ביים שוואָגער מאָטל היטנער — כאָטש שוין אין אָנהויב ווינטער און אין א דאָרף — איז אונז געוועזן גענוג היימלעך.

זיי אליין — די געשוויסטער — האָבן געהאט דריי קינדער, צוויי זין און א בת יחידה, רוזיע. מיט דעם שוואָגער צוזאמען, אין א נעבן־דירה, האָט אויך געוווינט זיין ברודער שלום. זיי זענען געוועזן שותפים צו דער פּאָסעסיע רזשאבטש. שלום׳ס ווייב האָט געהייסן פּעפּי. דעמאָלט אן ערך דרייסיק יאָר אלט געוועזן. געהאט האָבן זיי איין בן יחיד, זייער א חנעוודיק ייִנגל פון אן ערך צען יאָר. איז ער געוועזן א גרויסער לאָבוז. אין איינעם א שיינעם טאָג, טאקע בשעת אונזער זיין אין רזשאבטש, און נישט פילנדיק זיין פאָטער אין דער היים, האָט ער ארומגעבאַנטעוועט אין אלע ווינקלען. דערזעענדיק א גרויסע הוט־שאכטל אויף דער שאפע, האָט ער זי אראָפּגעשלעפּט און באַ־מערקנדיק דאָרט גרויסע טשאָקאָלאַד־פּאַסטילן האָט ער — און א גרויסער נאשער איז ער געוועזן — אויף איינמאָל אריינגעכאפּט צוויי

שטיק אין מויל אריין. די מוטער איז גראָד אָנגעקומען און דערזעענ־דיק וואָס ער האָט געגעסן איז איר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. זי האָט אָנגעהויבן צו שרייען, אז ער האָט זיך געסמט. דאָרט אין דער הויט־שאכטל זענען געלעגן סם־פאסטילן פאר חיות, וואָס מען פלעגט נוצן ווען מען פלעגט גיין אויף יאגד. זי איז גיך ארייגעלאָפן צו דער שוועגערין יעטי, מען האָט אריינגעקוקט אין לעקסיקאָן וואָס פאר א קעגן־גיפט מען זאָל אים איינגעבן און מען האָט געשיקט אין שטעטל אריין נאָך א דאָקטאָר. אָבער פריער — איידער דער דאָקטאָר איז געקומען — האָט דאָס יינגל אליין אויסגעבראָכן. ווען דער דאָקטאָר איז געקומען און עפּיס פארשריבן — איז אלין שוין געוועזן אין אָרדנונג.

א „פערבל" מיטן יונגען פאָר־פאָלק

מען האָט זיך געזעצט צו א היימישן נאכטמאָל מיט געפּרעגלטע לאטקעס, מיט פיינער קאווע מיט שמיעטאנקע מיט געבאקענע מלינצעס.

נאָך דער מאָלצייט האָבן אלע זיך געזעצט שפּילן אין א פערבל — אויך דער טאטע אייערע. ווי דער טאטע האָט געהאלטן ביים פארלירן שוין פינף רייניש האָט ער אויפגעהערט צו שפּילן. און אנשטאָט דעם טאטן האָט מען מיך אין קאָן אריינגענומען. איך — שעמענדיק זיך אָפּצוזאָגן — האָב אויטאָמאטיש מיטגעשפּילט. איך האָב אָפּגעוווּנען דאָס פארלוירענע נאָך טאָפּלט. זיי האָבן מיך נישט פארשטאנען און אין מיר נישט געקענט דערקענען ווייל איך האָב געשפּילט אָן אינטערעס.

פּעפּי, די רויטהאָריקע קאָרטן־שפּילערין

א גרויסער קאָנטראסט קעגן מיר איז געוועזן די פרוי פּעפּי. ביים שפּילן איז זי געוואָרן נאָך רויטער ווי זי איז געוועזן. זי האָט געהאט א ווייס — מיט פיל קלייען באדעקט — פּנים און ברענענדיק רויטע האָר. ווען זי איז געוואָרן אין כעס איז אויך דאָס ווייסקייט פון פּנים, צוזאמען מיט די שפּרענקעלעך, געוואָרן רויט ווי די האָר... זי האָט געשפּילט מיט גרויס אינטערעס פאר געווינען און יעדעס מאָל ביים אָנווערן איז זי געוואָרן אזוי אויפגערעגט, אז עס האָט זיך געדאכט, אז זי וואָלט זיך אליין אוועקגעהרגעט.

שפּעטער האָב איך געפרעגט דעם טאטן אייערן וואָס פאר א מין טיפּ איז דאָס פּעפּי? האָט ער מיר טאקע דערציילט, אז דער כעס איז

איר געקומען בירושה. דער זיידע אירער האָט אמאָל צעריסן א האָן אין צוויי שטיקער. די מעשה איז אזוי געוועזן: איר זיידע האָט געהייסן גדליה און מען האָט זיך געהיטן אין זייער משפּחה צו דערמאָנען אפילו דעם נאָמען גדליה, ווייל עס איז געוועזן א חשד, אז ער איז אמאָל געפאָרן מיט א שותּף קויפן וואלד און איז אהיימגעקומען אָן דעם שותּף... א גאנצע נאכט האָט ער נישט געקענט שלאָפן. אין דער פרי האָט קעגנאיבער זיין פענסטער זיך באוויזן א גרויסער ווייסער האָן און אָנגעהויבן הויך צו קרייען. האָט גדליה אויפגעמאכט דאָס פענסטער און ארויסגעשפּרונגען. אָבער דער האָן איז נישט אוועק־געפלויגן, נאָר געשפּרונגען אים אין פּנים. פאר גרויס כעס האָט ער דעם האָן צעריסן. און דאָס איז געוועזן דער חשד, אז ער אליין האָט אפשר אוועקגעבערענגט דעם שותּף.

די משפּחה לעווענהערץ און זייער גוט

די געשוויסטער אונזערע זענען געוועזן פארבעטן אין א דערבייאיקן דאָרף פּיוואָווטשיזנא צו דער משפּחה לעווענהערץ. האָט מען אויך אונז מיטגענומען. מיר זענען אין איינעם אָן אויפדערנאכט מיט א שליטן אהין געפאָרן. דאָרט האָט מען גראָד אין דעם טאָג געפייערט דעם נאָמענטאָג פון דער פרוי לעווענהערץ. האָבן די הערשאפטן לעווענהערץ זיך מיט אונז זייער דערפרייט. איבערהויפּט האָט זיך מיט אונז דערפרייט זייער עלטסטער זון, וואָס איז דעמאָלט אלט געוועזן אפשר זעכצן יאָר. געהאט האָבן זיי דריי זין. אלע געראָטענע, געהאלטן צו זיי אַן אינטעליגענטן לערער. אויף דער נאכט, נאָך אונזער אָנ־קומען, האָבן זיך באוויזן נאָך עטליכע שליטנס מיט געסט. מען איז צו זיי אויך ארויסגעלאָפן זיי אויפצונעמען מיט דעם זעלבן פריידן־אלארם ווי צו אונז. יעדעס מאָל — דערהערנדיק די גלאָקן פון א שליטן — האָבן די הינט אָנגעקינדיקט מיט זייער בילן, אז עס קומען געסט.

דאָס ערשטע מאָל אין אזא נאָבעלער
געזעלשאפט

איך בין זיך מתוודה, אז דאָס ערשטע מאָל בין איך געוועזן אין אזא נאָבעלער געזעלשאפט. די גאנצע דירה איז געווען א פירשטליכע. ווי מען האָט אונז אריינגעפירט אין דעם גרויסן באַלויכטענעם סאלאָן — כאָטש נאָך אָן עלעקטריע — האָב איך געמיינט, אז איך געפין מיך אין גן עדן. ווארעם, ליכטיק — אין די פּאָדלאָגעס האָט מען זיך

געקענט ממש אָנשפּיגלען. זיי זענען געווען באַדעקט מיט טייערע דיוואַנעם.

אויסגעפּוצטע אוקראַינקעס

די דינערשאַפט:עטליכע שיינע, אויסגעפּוצטע אוקראַינקעס, אין שיינע אויסגענייטע מיט בונטע פאַרבן העמדער, מיט קאָרסעטן, באַדעקט מיט גאָלד־פּליטער־דעסענס, אין קורצע, געריכטע אין פאַלבן געלייגטע קליידלעך, ווי פעכערס, אויף דעם האַלז ביז איבער דער ברוסט באַדעקט מיט פאַרביקע קרעלן. די האָר זייערע כמעט אַלע קאַשטאַן־פאַרביקע, געפלאָכטן צו צוויי קורצע צעפּלעך און געשווירן ווי טרעפּלעך — מיט איינגעפלאָכטענע פאַרשידענע, שעמערירנדיקע קרעלן. זיי האָבן געטראָגן גזשיווקעס אויף די הויכע שטערנס און האָבן איבער דער גאַנצע דירה, אפשר פון א פופצן־זעכצן אויסגעפּוצטע זויבערע שטובן, אַרומגעהושט אין די ווייסע, פילצענע פאַנטאָפעלקעס ווי נימפן.

דער יונגער לעווענהערץ

באַלד ווי די געסט זענען שוין געווען קאָמפּלעט האָט מען אונז אַריינגעבעטן אין שפּייז־זאַל. דער עלטסטער זון פון די לעווענהערץ'ס — פאַרנאָמען געדענק איך נישט — האָט מיך געפרעגט צי מעג ער זיך זעצן נעבן מיר ביים טיש. פון איין זייט דער טאַטע אייערער און פון דער אַנדערער אַזא שיין, זעכצניעריק יינגל... צי פון לינקס, צי פון רעכטס געדענק איך אויך נישט. אָבער דאָס געדענק איך, אַז עס האָט אונז ביידע געשמייכלט. אים — מיט א צוויי־דריי יאָר עלטערער פרוי (קינדער שמייכלט עס תמיד מיט עלטערע פון זיך צו פאַרווײלן) צו זיצן, און מיך האָט באמת געפרייט, אַז אַזא אינטעליגענט קינד האָט זיך מיט מיר אינטערעסירט.

ביים טיש

דער טיש איז געווען — לויט מיין מיינונג — מיט געשמאַק און רייך סערווירט. פיינע סערוועטן, פיינע לעפל־גאָפּל־מעסער, פיין און איידל געשיר מיט קונסט־בלומען. די עסנס זענען געווען גוט צוגעגרייט, אָבער נישט אויסערגעוויינטלעך... אויף דעם טיש אסך „פּיל־האָרנ'ס" מיט טייערע, פרישע בלומען, אוודאי אין דער אָראַנזשעריע געפלעגט. עס איז דאָך שוין געווען ווינטער. צוערשט איז דער טיש

געוואָרן געדעקט מיט פיינע טאָרטן און טשאַסטעס. דערצו טיי, קאווע, אָדער — לויט פארלאנג — טשאָקאָלאדע. דער יינגער לעוועןהערץ — זיצנדיק נעבן מיר — האָט זיך זייער אסך מי געגעבן מיך צו פאר־ווײלן און מיר דערציילט אסך אינטערעסאנטע אַנעקדאָטן: וויאזוי ער האָט פארבראכט מיט זיין לערער אין ווין און וואָס פאר זעענסוויר־דיקייטן ער האָט דאָרט געזען. ווי ער האָט זיך צוזאמענגעטראָפן אין ווינער פארק מיט די קינדער פון קייזערליכן הויף און ווי ער האָט ביי זיי אויסגענומען...

נאָך דעם אָונט־ברויט (אייגנטלעך טשאַסטעס אַנשטאָט ברויט...) האָט זיך די גאנצע געזעלשאפט פארטיילט לויט דעם עלטער. די עלטערע הערן אין קאָרטן־צימער, די עלטערע פרויען האָבן זיך געוויילט מיט פּלאָטקעס; מיר, די יינגערע, אין א סאַלאָנדל וווּ עס איז געווען א בינע און א יינגע פרוי, א שכנה פון דער משפחה לעוועןהערץ, האָט פאָרגעשטעלט עטליכע קאָמישע סצענקעס.

דער פאמיליען־קאָנצערט

באלד האָט מען אונז אריינגעבעטן צום נאכט־עסן. דאָס נאכט־עסן איז באשטאנען פון צוויי גענג. שליים־זופּ מיט קארטאָפל־פירע. אָבער די קארטאָפל זענען געווען זייער פיין און קונציק צוגעגרייט, אזוי אז מען האָט געמיינט, אז עס איז א קרוכע קניש. און — זעלבסט־פארשטענדליך — זענען סערווירט געוואָרן אויך פארשידענע פליישן. שוין ביים דעסערט האָבן זיך אָנגעהויבן די טאָאסטן. צוערשט די נאָענטע משפחה און דערנאָך דער לערער, וועלכער האָט באקומען א מתנה — א גילדערנע קייט מיט א זייגער מיט שפּרינגענדיקע ציפערן. דערנאָך האָט דער יינגער לעוועןהערץ מיט דעם שיינעם, געדיכטן שווארצן קאָפּ האָר — אויסזעענדיק ווי אן אַפּאָללאָ — זייער געפילפול דעקלאמירט און באלד זיך געזעצט צום פּיאנאָ און, מיט געזאנג בא־גלייטונג פון דער יונגער דאָרפישער שכנה, געשפּילט עטליכע שטיק פון שאָפּען. די שיינע, טיפע מוזיק האָט מיך גאנץ פארכישופט.

אוועקגייענדיק פון טיש האָב איך נישט געוווּסט ווו איך געפין מיך צי אויף דעם עולם, צי אין גן עדן. עס איז שוין געווען געזעגנ־שפּעט, האָבן זיך אלע געסט אָנגעהויבן גרייטן — און אויך מיר — צום אהיימפאָרן. מיין „סימפּאטיע" האָט מיר געהאָלפן אָנטון די פעלין־ראָטונדע און מיר איבערגעבן צום אָנדענקען דעם שענסטן בוקעט מיט רויזן. ער האָט מיך געבעטן איך זאָל די שאכטל מיט דעם בוקעט

פאַרדעקן מיט דעם מאַנטל מײַנעם כּדי איך זאָל זײַן מתנה אַהײמ־ברענגען גאַנץ. מיר האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין שליטן און הײדאַ נאָך־רזשאַבטש.

רוזיע

אין אַ צװײ טעג שפּעטער איז דער שװאָגער מאָטל היטנער מיט זײַנע דרײַ קינדער און מיט אונדז, אין אַ געדעקטן פּאַיעטאָניק, װײַל עס האָט גערעגנט, אַרײַנגעפֿאָרן װידער קײַן בעלז. דער שװאָגער איז אַרײַנגעגאַנגען צו אַ פֿריזיער און זענען געבליבן מיט די קינדער. רוזיע, די אײנציקע טאָכטער פֿון מאָטל היטנער, איז טאַקע געװען אַזױ שײן װי אַ רױז. נאָך דערצו איז זי געװען אײן מײדל אין דער גאַנצער משפּחה היטנער. מאָטל איז געװען דער עלטסטער זון פֿון אַלטן היטנער. געװען זענען זײ — מיט מאָטלען — צװעלף זין. אַפֿילו װען דעם אַלטן היטנערס ערשטע װײַב איז געשטאָרבן און ער האָט נאָך אַמאָל חתונה געהאַט, האָט זײַן צװײט װײַב אים נאָך אײן זון געבוירן. איז טאַקע רוזיע אין דער גאַנצער משפּחה היטנער געװען דאָס אײנציקע מײדל און זי האָט באַקומען טײַערע מתנות פֿון איר זײדן.

רוזיע איז געװען אַ שאַטינקע, אַ װײס פּנים מיט בלויע אויגן, לאַנגע שװאַרצע װיעס, אַ שמאָל װײס נעזל, װי געטאָקט, און די שאַטין־האָר האָבן אָפּגעשלאָגן פֿון דעם װײס־ראָזע לענגלעך פּנימל מיט די דינע, רויטע ליפּן, בלענדענדיק װײַסע צײן. דעמאָלט איז זי אפשר צען יאָר אַלט געװען. דערפֿאַר איז אָבער מאָטלס זון בוזיע געװען ענליך צום פֿאָטער. רויטע, געקרויזטע האָר און אַ פֿול פּנים מיט שפּרענקעלעך. דער צװײטער זון — שוניע — איז געװען ענליך צו רוזיען.

בעלז מיטן רבינס הויף

אין דער צײַט װען דער שװאָגער איז געװען בײַם פֿריזיער האָבן אונדז די קינדער זײַנע געפֿירט אָנקוקן די שטאָט. פֿאַר מיר איז עס נישט געװען קײַן נײַעס: הײַזער מיט גרויסע פֿאָטשענעס, פֿאַרסאַר־געטע װײַבער זענען געזעסן בײַ די לאַדעס, אַסך ייִדן האָבן זיך אַרומ־געדרײט מיט ספּאָדיקעס און אויסגעקראָכענע טוליפּלעך, מיט פֿאַר־שמירטע, װײַסע שיך־און־זאָקן — אוודאי פֿון רבינס הויף. די קינדער האָבן אונדז אויך צוגעפֿירט צו דעם רבינס קלויז.

## א מעשה מיט וואָנסעס

מיר האָבן זיך שוין געלאָזט צוגיין צום פריזיער — ווו דער פּאַיעטאָניק האָט אויף אונז געוואַרט. רוזיע איז אריין אין דער פריזיר־שטוב כדי אַרויסצורופן דעם פּאָטער. פּלוצלונג האָבן מיר פון דאָרט ארויס דערהערט א גרויס געלעכטער. גייען מיר אויך אריין און עס אנטפּלעקט זיך פאַר אונז אזא מין בילד: דער שוואָגער זיצט אויף דער פריזיר־שטול, שוין ראַזירט זיין רויטע באָרד, מיט איין וואָנסע ווי א פּוילישער הוזאַר, אפשר אויף א פינף צענטימעטער אין דער הויך פאַררייט ווי א דין שפּיזל. דעם שוואָגערס טבע איז געווען נישט צו קוקן אין שפּיגל און זיין פאַרטון אין מחשבות. פאַרלאָזנדיק זיך אויף דעם פריזיער — שוין אַן אַלט באַקאַנטן — האָט ער די וואָנסעס זיינע נישט געזען. אָבער זיין טעכטערל רוזיע האָט ביי איר אריינקומען דערזען דעם פּאָטער אין אזא פּאָזע און האָט ארויסגעפּראַלט מיט א געלעכטער און אויפגעוועקט איר פּאָטער פון זיינע חלומות. אויך ער — דערזעענדיק זיך אין שפּיגל — האָט גענומען ספּאַזמאַטיש לאַכן. דער שעף פון פריזיר־אַנשטאַלט, דערהערנדיק דעם טומל און היכן געלעכטער, איז אריינגעקומען און האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט געמוזט עפּיס נויטיק אוועקגיין, איבערלאָזנדיק דעם געזעלן אין מיטן דערינען אים צו פאַרטרעטן און דער נייער געזעל קען נאָך נישט די קונדן. דער אַלטער פריזיער האָט דעם רויטן וואָנס אַראָפּגענומען און ביידע וואָנסעס פאַרגלייכט און עס איז געווען אָלרייט... איינגנטלעך ווייס איך נישט צי דער שוואָגער איז טאַקע אזא שטייגער פאַרחלומטער מענש, צי ער האָט עס זיך כלומרשט געמאַכט נישט וויסנדיק און נישט זעענדיק כדי צו האָבן שטאָף אין א דאָרפישער געזעלשאַפט צו אונטערהאַלטן דעם עולם.

## אין יידישן טעאַטער אין לעמבערג

מיר זענען פון רזשאַבטש אריינגעפאָרן קיין לעמבערג אָפּנעמען דעם נדן און אין איין וועגס באַזוכט דאָס יידישע טעאַטער. געשפּילט האָט מען דעמאָלט „לא תחמוד". אויך אין פּוילישן טעאַטער זענען מיר געווען ביי א פאָרשטעלונג „אוי מענשטזשיזשני, מענשטזשיזשני". פון דער יידישער פאָרשטעלונג האָבן איך, א נור וואָס חתונה געהאַט יונג ווייבל, געהאַט א בילד וויאַזוי ביי א שידוך נאַרט איינער אָפּ דעם אַנדערן... און פון פּוילישן... וויאַזוי די מענער זענען פאַלשע... איך האָב גאָרנישט געקאָנט דעמאָלט באַגרייפן, אַז פרויען קענען. נאָך



יאָסל בערגנער . . . די יידן

דאָס פּנים פון לינקס האָט אַ שטאַרקע ענליכקייט צום פּנים פון יאָסלס זיידן — אפרים

בעסער די קוניץ באוויזן. כאָטש ביי מיר איז דאָס נישט דער פאַל געווען.

צוריק פון דער חתונה־נסיעה

ווען מיר זענען אהיימגעקומען פון דער חתונה־נסיעה פון די געשוויסטער היטנער האָבן מיר שוין געהאט אונזער דירה. זענען מיר טאקע — אָנקומענדיק אין דער נאכט — אריין צו זיך. און אזוי ווי מיר האָבן געגעסן קעסט — זענען מיר באלד צומאָרגנס אין דער פרי געגאנגען צו די עלטערן אויף אָנבייסן. איך געדענק נאָך ווי היינט ווי דער טאטע מיינער איז געזעסן מיט מיין שוועסטער ליטשע ביי א גרויסן טיש פארלייגט מיט ביכער און געחשבונט...

מיין טאטנס בוכהאלטעריע

קודם כל איז געלעגן א לענגלעך טאָגצעטל צוזאמענגענייט פון ווייס פאפיר פון עטליכע בויגנס. אין דעם דאָזיקן „טאָגצעטל", וואָס איז תמיד געלעגן אויף דעם גרויסן שרייבטיש אין אלקער איז געוואָרן אריינגעשריבן איינגאנג און אויסגאנג „איינס־אוועק", „צוויי־אוועק", אָדער „צען־אוועק" — דאָס איז געווען די פארשרייבונג פון דער מאמעס אויסגאבן אויף פרנסה. די געשעפטס־אויסגאבן און איינ־נאָמען זענען שוין געוואָרן דייטלעכער אויפגעשריבן. יעדע עטליכע וואָכן פלעגט דער טאטע מיט ליטשען אריינטראָגן דאָס אלץ אין הויפט־בוך. ווען מען האָט געמאכט א גרעסער געשעפט איז געוואָרן אין בוך דאָס וואָרט „מיט מזל" אויפגעשריבן. און אסך מאָל האָט דער טאטע צוגעשריבן ביי א גרעסערן חשבון דאָס וואָרט „אקוראט". דערמיט איז ער געווען זיכער, אז ער האָט זיך נישט טועה געווען.

* * *

(אן אנדערע ווערסיע פון די פריערדיקע דריי פאראגראפן)

לעמבערג

מיר זענען פון זשאבטש איבער לעמבערג אהיימגעפאָרן קיין רעדים ווייל מיר האָבן שוין מיטגעהאט די שלישית כדי אָפּצונעמען דעם נדן, וואָס איז געווען דעפּאָנירט אין דער היפּאָטעקן־באנק און אין איין וועגס האָבן מיר געמאכט א לעב. געגעכטיקט צוויי נעכט אין האָטעל

„בריסטאָל”. געווען אין יידישן טעאטער ביי דער פאָרשטעלונג פון „לא תחמוד” און אין פוילישן טעאטער אויף „אוי, מענער, מענער”. ווען מיר זענען ביידע געגאנגען פון דער באַנק — געדענק איך ווי דער טאטע אייערער (עס איז שוין געווען פארנאכט) האָט זיך געגעבן א באהאלט אין א טויער און מעשה גרויסשטעטישער מיך געוואָלט פריוון צי איך וועל אליין טרעפן צום האָטעל. אָבער איך בין גע־גאנגען פאָרויס ביז דער טאטע איז צוריק ארויס פון טויער און מיך אָנגעיאָגט.

## אין דער אייגענער נעסט

אהיימקומענדיק פון דער חתונה־נסיעה צום .וואָכעדיקן לעבן אין אונזער שוין איינגעאָרדענטער דירה פון א קליין ציבטיק שטיבעלע מיט צוויי שטאָלערנע בעטן, א טישל מיט פיר שטולן, א קליינעם שפיגל און א צעראטעטנע קאנאפע, א באקוועמע און שוין אונזער אייגענע געסט, דערצו מיט דעם נדן פון פינף טויזנט גולדן, האָבן מיר זיך געפילט שוין אלס באלעבאטים.

## ערשטער טאָג פון עסן קעסט

אָבער מיר האָבן נאָך געדארפט עסן קעסט. זענען מיר טאקע באלד אויף צו מאָרגנס געגאנגען אין דער פרי אויף אָנבייסן צו די עלטערן, וואָס האָבן נישט ווייט פון אונזער דירה געוווינט. איך געדענק נאָך ווי היינט ווי דער טאטע מיינער איז געזעסן מיט מיין שוועסטער לייטשען ביי א גרויסן טיש אין דער גרויסער שטוב ביים פענסטער. עס איז נאָך געווען טונקל, עס האָט זיך נאָך געלייכט א לאָמפ. דער טיש איז געווען פארלייגט מיט ביכער. דער טאטע און לייטשע זענען געזעסן און האָבן געחשבונט. דער טאטע האָט אויף אונז א בייזן קוק געגעבן און געזאָגט „ס'קאָצל קומט”. געמיינט האָט ער, אז ער זיצט דאָ און האָרעוועט און מיר באלעווען זיך.

דער טאטע האָט אָבער סאיי־ווי פיינט געהאט — און נאָך מער מיין שוועסטער לייטשע — אז מען זאָל איר ביי די ביכער צוהעלפן, מורא האָבנדיק, אז מען זאָל ווייזן דעם טאטן, אז נאָך ווער קען די קונץ באוויייזן. זי האָט נישט צוגעלאָזט קיינעם צו די ביכער און נאָך ביז היינט זענען די ביכער ביי איר געבליבן. די ביכער האָט מען — אנט־לויפנדיק אין קריג — מיטגענומען. זיי ליגן נאָך אוודאי אין פּשעמישל



**אַ בליק אויפן רינגפּלאַץ אין רעדים**

דאָס לאַנגע הויז — דאָס אַלטע ראַטהויז, געבויט ארום 1800. דאָס הויז מיטן
טורעם — דאָס נייע ראַטהויז, געבויט אין יאָר 1896



יאָסל בערגנער . . . דער רבי מיטן חדר אַנטלויפֿן

ביי די גוטס. אפשר האָבן די אייניקלעך — לייטשעס קינדער — זיי פארניכטעט.

מיין טאטעס בוכפירונג

מען האָט אין קריג אנטלויפנדיק איבערגעלאָזט דאָס גאנצע זילבער — לויטער אנטיקן — און געהיטן די ביכער מיט די חובות, וואָס מען האָט נישט אָפּגענומען ווי אן אבן טוב. די בוכפירונג איז אזוי צוגעגאנגען:

קודם כל איז געווען א „טאָג־צעטל" פון עטליכע שמאָלע בויגן ווייס פאפיר, צוזאמענגענייט דורך דער לענג פון בויגן. אין א ווינקל — נישט אָנזעעוודיק — באמערקט: קאסע־באשטאנד. די אויסגאבן אויף פרנסה האָט אויך מיין מאמע געמוזט אויפשרייבן. איך זע נאָך היינט פאר די אויגן די גרויסע איינסער אָדער צווייער: איינס־אוועק, צוויי־אוועק... און אזוי ווייטער. די אייננאמען און אויסגאבן צום האנדל פון תבואה אָדער אָקאָוויט אָדער וואלדגעשעפטן זענען געווען מיט א דאטום און קורץ באמערקט אויף וואָס. אָבער די געשעפטס־אויסגאבן האָט מען אלעמאָל איינגעטראָגן אין די הויפּט־ביכער. פויערן־חובות האָט יעדעס דאָרף געהאט עטליכע בלעטער באזונדער. די ביכער זענען געווען געסטעמפּלטע. ווען מען האָט גע־מאכט א גרעסער געשעפט איז געווען אויפגעשריבן: געקויפט מיט מזל צען יאָך וואלד א.א.וו. ווען מען האָט אלעס איינגעטראָגן אין די ביכער האָט דער טאטע איבערגעציילט דאָס בארגעלט און באמערקט אין דעם טאָגצעטל „אקוראט" און עס איז זעלטן ווען געווען א טעות. דאָס אליץ אָן א בוכהאלטער און אָן טאָפּלטער בוכהאלטעריע, אָן „זאָל און האבן" און אָן „אמעריקאנקע" און עס איז געווען אָל־רייט...

די ערשטע זעלבשטענדיקע געשעפטן

מיר האָבן גענעסן קעסט און פאוואָליע אָנגעהויבן צו פארלייען דעם נדן. דער טאטע האָט אויסגעסדרדט א גרעסער ביכל דווקא מיט „זאָל און האבן"... און מיך אויסגעלערנט איינשרייבן. געליגן האָט ער דאָס געלט ווו עס האָט זיך געלאָזט און וועמען ער האָט געוואָלט אָן מיין ווויסן. אביסל געלט אוועקגעליגן זיין ברודער זכריה און איינעם א קוזין, אייגנטלעך א קוזינע,טורנהייט פון יערסליוו, וואָס איז געווען זייער שיין און זיי זענען טאקע באלד אוועק קיין מינכען, נישט אָפּגעבנדיק דאָס געליגענע געלט. אָבער פון מינכען האָבן זיי

געשיקט א פּאַרצעלייען קריגל מיט דער אויפשריפט: צום אַנדענקען אַן מינכען... ווען דאָס קריגל וואָלט געווען פארבליבן וואָלט עס היינט געהאט א היסטאָרישן ווערט...

עטליכע יאָר שפּעטער האָט דער טאטע אייערער שוין געמאכט געשעפטן מיט דעם זיידנס געלט און מיט דעם זיידן בשותפות.

איך האָב נאָך פארגעסן אייך צו דערציילן, אז אין עטליכע יאָר האָט דער טאטע געדונגען א גאַראַלניע בשותפות מיט דעם שוואָגער אברהם הערש, וואָס האָט שוין געוווינט מיט דער פאמיליע אין רעדים ארויסציענדיק זיך פון מיכאלאָווקע. מען האָט געשטעלט קי אויף דער ברייה און דעם בראנד האָט מען פארקויפט אַרענדאַרניקעס. א צווייט מאָל האָט דער טאטע געדונגען א גאראַלניע אין קאלניקאָוו מיט מיין ברודער נטע. אָבער פון ביידע געשעפטן — דאכט זיך — איז נישט געווען קיין פּרנסה. מען האָט אָבער געגעסן קעסט און די נעבן־זאכן ווי א דירה, אָס, דינסט, באהייצן, באלייכטן און קליידן, האָבן שוין דעם רעשט נדן איינגעשלונגען. מיט דעם זיידנס געלט האָט אייער טאַטע געקויפט דאָס ערשטע מאָל ביי די אָסטראָוויר הערשאפטן וואהלפעלד און גאטטליעב דעם גאנצן קאָנטיגענט שפּירט און אויך אין דעם געשעפט איז מען בדיל הדל געוואָרן. די סיבה איז געווען וואָס דער זייגער האָט — — — — — —

(דאָ רייסן זיך איבער די משפּחה־זכרונות).

---



**יאָסל בערגנער . . . דער טויטער דייטש**

(יאָסל — הינדע בערגנערס אייניקל, געב. 1920 אין ווין, האָט עטליכע יאָר פון זיין פריער קינדהייט פאַרבראַכט אין רעדים, שפּעטער אין וואַרשע, זינט 1937 — אין אויסטראַליע. אַלע דריי בילדער, וואָס ווערן דאָ געגעבן, זענען געמאָלן געוואָרן אין יאָר 1945. אין אַלע דריי בילדער — אין הינטערגרונט — דאָס אומקומענדיקע שטעטל. אין פאָרערגרונט — די געהאַנגענע, אַנטלויפנדיקע און פאַרלוירענע יידן, אפילו שוין נאָך דער מפּלה פון דייטש. באַריכטן — אָנהויב 1946 — דערציילן, אַז אין רעדים איז קיין איינציקער ייד נישט געבליבן).